אלעזר בערנשטיין

# עפּים...

## ליטעראַרישע נסיונות



צווייטע אויפלאגע.

ארויסגעגעבען דורך דער
„בערנשטיין־גרופּע“, זלאטשאוו.

חיים קונץ

# עפּים...

## ליטעראַרישע נסיונות

פון

## אלעזר בערנשטיין.



צווייטע אויפלאגע.

—•—

ארויסגעגעבען דורך דער „בערנשטיין - גרופּע"
אין זלאטשאוו.

אלע רעכט פון איבערזעצען באהאלט דער מחבר פאר זיך.

פון דערזעלבער אויסגאבע זענען ערשיענען 100 פונ'ם מחבר נומערירטע עקזעמפלארען אויף בעסערען פאפיער, און 25 עקזעמפלארען אויף גאר פיינעם פאפיער אין לייננוואנד געבונדען אלס געשענק אויסגאבע: מיט'ן בילד, און מיט'ן מחבר'ס איינגעהענדיגע אונטערשריפט.

---

זלאָטשאוו, 1919

דרוק פון וו. צוקערקאנדעל, זלאטשאוו. 528/919

# עפּים...

## אבּגעריסענע מחשבות.

*



## א.

דאס געשריבענע און ארויסגעזאגטע, איז נישט אלעס וואס מיר פיהלען. עס איז נור מלבישים לגבי דער אויסערליכקייט. עס איז צו ווייזען דער וועלט אַז מיר נוצען איהר; אבער אין תוך גע־נומען, האבען מיר ניט אזא כונה פון ווייזען דער וועלט, אונזער סביבה.

ביי אונז, אין אונזער אינערליכער וועלט, זעהט דאס אויס, ווי געשרייען, ליארמען, געפּיל־דער, מחלוקת׳ן וואס נעמען ניט קיין סוף. מיר פארקריכען אַ יעדעס מאהל אין טיעפערע דרכים. מיר מענשען זיך! — זיך, ווייזען מיר ווייטער נישט. מיר ווייזען דאס געמענשטע...

## ב.

אלע קונסטווערקע, קלעהר איך זיך, זענען פּראדוקטען פון איבערפליסיגע, קינסטלערישע פעהיקייטען. עס איז אויסדרוקע פון דארשטעלענדיגען לעבען, וואס קאנען קיין פּלאץ שוין ביי זיך, אין זיין אינערליכער וועלט ניט געפונען.

די קונסטווערקע, זאלען זיין פּראדוקטען, וואס דער קינסטלער האט ארויסגעשליידערט אויס אַ צופּיעל ענגשאפט און געדיכטקייט פון לעבען, אין וועלכען דער קינסטלער איז ניט בדוחק.

די לעבען, וואס דער קינסטלער ביטעט פאר אונז, איז ניט דאס ווירקליכע לעבען, וואס דער קינסטלער פארמאגט ביי זיך. עס איז אן אויסשוס, אן איבערפלוס, וואס לוינט זיך ניט ביי זיך אין זיין מח־מאגאזין צו בעהאלטען. עס איז אן עבירה דער פלאץ וואס עס וועט פארנומען.

ג.

די ליטעראַרישע ארבייטען, די פארשיידענע קינסטלער פּראָ־בלעמען, ווערען ביים פּובּליקום מגלגול אין פארשיידענע געשטאל־טען, זיי נומען אָן פארשיידענע פאָרמען.

די נשמה פונ'ם פּראָבּלעם האט קיין רוה ניט. זי פליהט ארום און קאן צו איהר מקור ניט קומען. (איך מיין צו דעם מקור, וואס דער מחבר, האט די כונה געהאט בשעת'ן שאפען) זי מאכט מיט פארשיידענע גלגולים, ביז זי קומט צום קונסטקריטיקער אין די הענט אריין, ער בעטראכט זי פון אלע זייטען, טרייבערט זי אויס, נומט אָפּ די פארשיידענע הייטלעך; הויכט אין איהר אריין אַ טייל פון זיין איך. ער בויעט פאר זיי אַ משכן, ער איז דער משיח פון דעם פּראָבּלעם!

דאס פּראָבּלעם איז צוריקגעקומען צו איהר מקור, דער קריטי־קער איז געוועזען דער גואל־צדק, וואס האט די נשמה פון דעם פּראָבּלעם אריינגעפיהרט אין דעם משכן, וואס ער האט פאר איהר געבויעט!

ד.

„דער קינסטלער זאל זיך דעם ווערק מקריב זיין" — האב איך געליינט ביי פראנץ סערוואס. דאס רוב, ווייזט זיך גאר ארום דער

היפך! אמת איז, אז מיינע קינדער, מיינע ווערקע, זענען מעהר פולשטענדיגער, רייכער פון מיר.

איך גלויב, אז דער טויט פון דעם פּאַרזענליכקייט שלאַגט זיך שטאַרק אָב אויף זיינע ווערק, קונסטווערק אָהן פּאַרזענליכקייט, זעהען אויס ווי יתומים, קינדער אָהן אַ טאַטען, זיי וואָלאַטשען זיך אַרום אין דער וועלט, פון אַלע זייטען באַוואַרפט מען זיי מיט רחמנות־בליקען, מע באַנעבעכט זיי: „יתומים, קינדער אָהן אַ טאַטען!"

ווערק אָהן דעם פּאַרזענליכקייט, זיי זענען ווילדע, פרייע, הפקר, אָהן אַ מדריך, צילויז און ראַזפּאַרטאַשעוועט, אָהן אַ פעסטע און זיכערע ערציהונג. זיי זענען שוואַך מפונק׳ס, ווייך, ביים מינדעסטען ריהר באַגינען זיי צו וויינען..... און מענשען זאָגען: „ער איז דאָך אַ יתום!"

ה.

די נאַטירליכע טאָג־טעגליכע געזונטע טיפּען, ווייזען זיך זעלטענער. זיי פאַרשוואונדען אַ. יעדעם מאָהל ווייטער פון אונז, אפילו די אַלטוריסטישע און סאָציאַלע טיפּען, מיט זייערע מעטער־לאַנגע דרשות און פּלוגתאות איבער די באַקאַנטע וועלט־פּראָבלעמען: לעבען, ליעבע, נאַציע, וואָס דער ליטעראַרישער רוסישער שפּאַכליער פלעגט האַלטען אין איין עקספּאַרטירען אין דער אייראָפּעאישער ליטעראַטור — ווערט זשעדנער.

נישט זשעדנער, נאָר כמעט אַ בבל־סחורה, אויס רימעל, דער כלל־אינטערעס; דער געזעלשאַפטליכער אַלטרויזם שטאַרבט אָב. זיין אָרט פאַרנומט דאָס לירישע, דאָס ליריש־עפּישע דער יחיד מיט זיך אַליין, אין זיין אייגען אויסלעבען; זיין שמחה, זיין לוסט, זיין ליידענשאַפט, זיינע תענוגים, זיינע באַגעהרענס און חלומות.

ו.

דער טויטער אַל ווערט לעבעדיג! די טרוקענע טאג־טעגליכ־קייט, די טויטע פארגליווערטע מאניערעס, די היראגליפען פונ'ם לעבען, די גאנצע אויסגעמאסטענקייט, די גלייכקייט און פשטות וואס באוועגען זיך סוקצעסיוו לויט'ן שלחן־ערוך פון דעם סאציאלען באטריבם־אפּאראט.

עס פעלט אַ משיח, ער זאל די טויטקייט מחיה־מתים זיין! אַ נשמה אין זיי איינהויכען! דעם גאנצען דאזיין, לעבעדיק מאכען! — דאָ קומט דער קינסטלער, פּארקניפּט די אדערען פון דעם דאזיין מיט זיין נשמה, גיסט אין זיי בלוט אריין, בלוט פון זיינע געטראסקעטע אדערן, זיין ליידענשאפט, זיינע שמארצען, זיינע וואונדען!

ז.

איך שאף דאס הייליגע. איך קוש־עס. איך לויב עס אויס, איך דערצעהל דאריבער שבחים; איך מאך עס זיך הייליג; איך וויל פון מיר דאס וואכענדיגע פארטרייבען.

די טאגטעגליכקייט, לאנגווייליט מיך, לכן, זוך איך עפּיס יום־טוב'דיגעס.

וואס ביי מיר איז הייליג מעג ביי אַ צווייטען זיין אומהייליג. הייליג ביי אַ יעדען, אַ כלל־הייליקייט איז ניט פאראהאן. עס איז הייליגטהומער וואס גיהערען דעם כלל. איינער האט זיי דעם כלל געשאנקען, אבער זייער תולדה איז פון אַ יחוד.

נאציאנאלע הייליגטומער, הייסען מתנות וואס איינצעלנע האבען דעם כלל געשאנקען.

ח.

יודישע קונסט!

איך מיין די זינגליכע־קונסט. דאס לעבענדיג דאַרשטעלענ־דיגע, איז באַגראַבען אין אונזער נשמה, און סע איז פאַרהילט מיט אַ וואונדערליך און סודות־דיג געוועב, וואס עגזאַלטירט אונזערע חושים, רעגט אין אונז אויף די פאַרבאָרגענע אינסטינקטע; וועקט אויף אין אונזערע פאַרשלאָפענע געפיהלע אַ באַגעהרונג, דאס פיהלענדיגע און עמפּפינדזאַמע דאַרצושטעלען.

טרוימעריש פּלענער האָט פאַר זיך דער בוימייסטער. די אַרכיטעקטור ליעגט אין אַ ים פון מיסטעריעזע וואונדער. אין אַ נעץ פון טרוימען איז דער מאָהלער געפאַנגען, ער בלייבט פאַרשכור׳ט פון דער אינערליך רייכער פאַנטאַזיע, פונ׳ם פּינזעל גיסען זיך אַבגעריסענע, פראַגמענטאַרישע שטריכען פונ׳ם פּראָבלעם. שקיצענ־האַפט ליגט פאַר אונז זיין אַרבייט. דאס געשטרעבטע פּראָבלעמ־שיינקייט פעהלט טאַקע, דאַפאַר איז דאס אָבער רייך אין אַ פאַר־פיהרערישער שיינקייט.

ט.

די פון דער קלויז זיך אַרויסרייסענדיגע בחורים, די וואס קענען ניט איינאַטמען אין זיך די געשטאַקטע און פאַרשטויבטע לופט פון די אַלטע ספרים. די שאָטענס פון אונזערע געשטאָרבענע גדולים, האַלוצינירט דורך אונזערע געדאַנקען, שלייכען מיט אַן אימה׳דיגער שרעק ביי דעם נסיסה׳דיגען לעבען.

די גאָט־זוכער וואס רייסען זיך אַרויס אין דער ברייטער וועלט, זוכען און קומען צוריק מיט ליידיגע הענט. האַלטען אונז אין איין אַריינטרייבען, זיי וואַרענען אונז זיך ניט דערוועגען אַרויסגעהען פון

דעם ענגען קרייז, פון די ד' אמות; און אליין שטעהען זיי ווי שומרים, און היטען אונז אז מיר זאלען ניט ארוים. אנשטאט זיי אליין וואלטען באדארפט אריינגעהען און אונטער זיך טהיר פאר־שליסען, שטעהען זיי גאר פון אויסען, לעבען דער טהיר זוכענדיג מחי׳ה.

ווי גאסענמיידלעך ווארטען אויפ׳ן גאסט, אזוי שטעהען זיי און ווארטען אויף איינעם ארייגצוטרייבען, זייער באקענטנים כאפט איין אנבליק צו די פרעכע בליקען פונ׳ם גאסען־מיידעל.

י.

געשטארבען איז דאס לעבען, פונקט ווען איך האב עס זיך געשאפען. דער שעפּפערישער מאמענט און מיר, האט עס גע׳הרג׳ט. די גאנצע סביבה וואס איך האב זיך געשאפען איז טויט, און אַ פארגליווערטער טויט־קאלטקייט און מיט אַ בלאס־טויטען־געזיכט ליגט עס פאר מיר. שרעקט מיך. רופט ארוים אין מיר שמארצליכע געדאנקען.

פאר׳חלומ׳ט לעבען! דיין מיאוס׳ען סוף האסטו דעם שעפּפע־רישען אין מיר צו פארדאנקען. געטרוימטעם לעבען! זעה וואסער קריפּעל עס איז אויס דיר געווארען. איך הער ווי דו זאגסט אליין צו מיר: „איידער אַ קריפּעל, איז גלייכער ניט צו לעבען!" „מאַך אַ סוף", — שרייסטו; און איך נום דאס פארקריפּעלטע לעבען טויט עס, און באגראב עס ביי מיר אין הארצען.

יא.

צווישען שול און לעבען זאל קיין מחיצה ניט זיין! זיי דארפען זיך געהן האנט אָן האנט! דער שטאף פונ׳ם לעבען דארף

אין דער שול געלערנט ווערען, ניט בלויז אַ פארטיפונג אין דער נאטור, נור אין דעם גאנצען אל! דאס גאנצע רוישען פונ'ם לעבען, דארף זיך אבהילעכ'ן אינ'ם שול!

דוקא דאס לעבען וואס איז אונז אזוי אמנאהנטסטען, פאר־לאנגט פון אונז אַ קודמ'דיג קלאר זיין. מען דארף קלאָרער ערקענען דעם שייכות צווישען זיך און דער ס ב י ב ה, בכדי דאס אומפאר־שטענדליכע, וואס וואלגערט זיך צו פוסענס — געברויכען און נוצליך מאכען.

יב.

ליעבע! עקזאלטרט און בעשאפען געווארען דורך אינטענזיווע און נערוועזע פלאמפייערדיגע שטימונגען אין אונז — דאס שטרע־קען די האנט און וועלען זיי ערייכען, באזיצען, געטרייבען דורך הייסע גליהענדיגע ליידענשאפטליכע באגעהרענ'ם; באגלייט פון ערהאבענע הימלישע טרוימען, — פארשטארקערען אין אונז די בענקשאַפט און גלוסטונג זיך צו דערנעהנטערען.

וואס נאהנטער און נאהנטער מיר רייסען און שטרעקען אויס די הענט עם אַרומצונומען, מאכען עס פאר אונזער אייגען, באקומען מיר אט דאס געשטרעבטע, כאפט אונז אן אַ יאוש אַ פארצווייפלונג וואס אנטבלעזט אונז די גאנצע תוהו ובוהו פון דער ליעבע. דאס געפיהל שטארבט אָב — קיין דויערנדע לעבענסקראפט פארמאגט עס נישט.

יג.

מיר הערען נור פון געוואוינהייטען, פון געוויינען זיך, פון אנאייגנען, פון אבגעוויינען, פון אבטרייסלען, הערען מיר זעלטען. מע דארף דעם טויש רעגעלמעסיג ביי זיך איינפיהרען, געוויינען און אבגעוויינען באדארפען זיך אין אַ ראשען טעמפא באוועגען.

גערוואוינהייטען דאָרפֿען פון זיך ווערען תּיכף אבגעטרייסעלט, אז ניט ווערען זיי פאַרוואַקסען אזוי אז עס איז ניט צו דערקענען דאָס פרעמדע. נאָך וואָס אבער זיך פאַרנאַרען.

איבעריגענס, דאָס איבערלופּטערן, דער וועגיטאַציאָנסטריעב איז פונים היגענישען שטאַנדפונקט זעהר עמפפעהלענסווערט, ווייל עס קומט אונז צו געזונט. מע דאַרף ניט לאָזען אין דער לאַנגער באַנק אריין. אין די קעמערליך און צעלען פון אונזער בידנע איכ'ל קומט צו ריינע לופט. מען איז אַ קאָפּ זיכערער אז זיי וועלען זיך אזוי גיך נישט פאַרשטאָפּען.

יד.

מיר לעבען ניט פאַר זיך, נור פאַר'ן עבר: אונזער קערפּער און חושים זענען די איינציגע קולטורטרעגער. וואָס דערמאָנען אונז אָן דער געגענוואַרט. זיי קענען זיך ניט זאַטיגען מיט'ן בלויזען עבר. זיי זינגען דאָס לעבעדיגע ליעד פונ'ם לעבען. זיי ערצעהלען אונז אין אן עפּישער פאָרעם דאָס גאַנצע לעבען פון אונזערע זינען און מיליע. זיי צייגען אונז די דאַרשטעלענדיגע באַוועגונגען פון אונזער קערפּער. טייטשען אויס פאַרשידענע מימישע געסטיען. מיט אַ צאַרטע לירישע נגינה ערצעהלען זיי אונז פון אונז. זיי רייסען אונז אוועק פון דעם עבר!

טו.

פון יעדען קומען מיר. נור ניט פון זיך. פאַרשטויבט און איינגעשמירט פון טוליען זיך כסדר אין דער לאַנגער קייט פון דער פאַרגאַנגענהייט. מיר פאַרדרעהען און פליאַנטען זיך אין איהר. די קייט נעמט אונז איינגאַנצען אַרום. ווי הוגד זענען מיר צוגעבונדען צו אט דער פערגאַנגענהייטס־קייט. אין דער בודע זאָלען מיר ליגען.

קאנסט דארט אפילו בילען און האווקען... עס מאכט ניט, אבי ליג אין דער נארע. און טאמער רייסט זיך ווענס אב, אזוי איז מען מודיע אומעטום, אז א ווילדער הונד האט זיך אבגעריסען, די היצלעס האבען אן ארבייט. (דאס זענען ניט די פראסטע הונד, איך מיין די פאדווירע־הונד...) איבער די געוויינטליכע הינטליך, איז אפילו ניט כדאי א ווארט צו פארלירען, זיי לעקען זייער בעל־בית, יענע, די פאדווירע־הונד שרעקען זיך ווייניג וואס פאר'ן בעל־בית.

### טז.

לעבעדיג לעבען טוליעט זיך צו טויטע ווערטער! טויטע ווערטער! אייערע לעבעדיג איבערגעלאזענע יתומים (די ניט צום ווארט־געקומענע) קאנען זיך ניט פון אייער קבר ניט אברייסען, איך באטראכט די שוידערליך און שמארצליכע סצענע דא אויף די ווייסע פאפיער תכריכים, איך בין אייער מלאך־המות געוועזען. שטארבט, שטארבט! אייערע קינדער, די לעבען, וואס איהר פאר־צעהלט, ווילען אייך פיהרען צו קבר ישראל, זיי וועלען מיר פון אייך אַ סך ערצעהלען, דאס וועט אייער טהרה זיין, איהר באקומט אין מיר אַ תיקון — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

### יז.

אין גאט'ס געשטאלט איז דער מענש באשאפען געווארען, אין מיר געפונט זיך גאט'ס אבבילד, איך בין אַ מיניאטור פון דעם געשטאלטלויזען; פונים געטליכען, גאט'ס צורה רוהט אין מיר! גאט'ס געשטאלט איז אין מיר פארשוואמען געווארען, גאט! די געטליכקייט געפונט זיך אין מיר! אין מיר איז גאט ערשטארט

געוואָרען! איך האָב דאָס געטליכע וואָרט „אנכי" פאַרנומען! די געטליכקייט וואוינט אין מיר. די טויערען צו זיין וואוינונג שטעהען אָפען! גאָט מוז איך זוכען ביי זיך אין מיינע קעמערליך, — ווייל אין מיר איז ער פאַרלוירען געוואָרען.

די גאַנצע געטליכקייט ריהט אין מיר. מיין נשמה ריהם אין דעם געטליכען היכל, (געשטאַלט) הייסט אין מיר און אין גאָטס אבבילד!

## יח.

די מענשען פערלאַנגען פון אונז אַ פּראָסטיטואירען. אנטבלעזען זאָלען מיר זיך! פאַראַלגעמיינערן דעם גוף. די נשמה מיט אלע איהרע פאַרבאָרגענע קעמערלעך און צעלען, זאָלען פריי זיין. אַ יעדער זאָל קענען מיט זיינע גראָבע רמ"ח איברים אין זיי טרעטען. די נשמה זאָל ווערען אַן עפענטליך ווירטסהויז! זי זאָל אלע דורשטיגע ליידענשאַפטליכע נייגונגען אין דעם מענשען באַווירטשאַפטען!

מיין נשמה, זאָל דאָס עפענטליכע באָרדעל־הייזעל זיין, וואו די מענשען שטילען זייערע דורשטיגע ליידענשאַפטליכע באַגעהרענ'ס! וואו זיי פאַרלירען זיך אין אַ שטאַרקען בענקען! וואו ליידענשאַפט מיט ליידענשאַפט פּאָרען זיך, און ווערען אין זיך אויפגעלעזט!

## יט.

פאַראַלגעמיינערן, באַדאַרף מען נור דאָס אלגעמיינע אין זיך. מיט דעם מעגען מיר, און זאָלען מיר זיין אויסבערענגעריש! אבער ניט מיט דעם אינדיווידועלען. דאָס אייגענע ווי געמיין עס זאָל ניט זיין.

פראסטיטוטקע! זעהסט ווי מ׳האט דיך פיינד? מ׳וואכט דיך! מ׳שפּייט אויס פאר דיר! ווייל דו האסט דאס אינדיווידועלע פארלוירען. ווייל דו גיסט אדאָס, וואס, אנדערע מאכען דארום אַ צימעס. חתונה, משפחה! דאס געמיינע ווערט באזונגען און דעקאָרירט מיט פארשיידענע געזעלשאפטליכע אָרנאמענטיק.

דאס אינדיווידועל — נידריגע אין דעם מענשען, ווערט אַ כלל־הייליקייט!

כ.

ליידען אויף, דעם קאסטען פון דער צוקונפט, ליידען! די גאנצע געגענוואַרט לאזען ווייקען אין ליידיקייט, הבל׳דיקייט, און איהר איינרעדען דורך חלומות אז עס לוינט זיך. מע׳ באקומט דאפאר אַ שעהנע צוקונפט. אן עתיד געבאדען אין שמאַרץ פון דער געגענוואַרט.

די גע׳חלומ׳טע צוקונפט, איז ניט בעסער און נישט ערגער פון דער געגענוואַרט! מארגען און היינט האבען איין פנים! אדרבה, אויפ׳ן מארגען־פנים קומט צו מעהר קנייטשען! וואס ווייטער מיר שפאנען אין עתיד, אלס פארקנייטשטער, עלטערער זעהט אויס דער עתיד־געזיכט.

דער עתיד, וואס ער האט פאר׳שכור׳ט אונזער געגענוואַרט, וואס האט פארזיסערט אונזער ליידען, און פארזייעט אין אונז אַ שטארקען חשק צום לעבען, איז נישט מעהר ווי אן אלטע באבע מיט אַ סך קנייטשען...

כא.

אלע פאָדלעקייטען און גראבע מעשים זענען בלויז מיסט, מיט וועלכע מע׳באמיסטיגט דאס לעבען, די אלע רויהע מידות:

רציחה, מארד, גנבה זענען דער זאפט, דאס פעטע, וואס קראפּטיגט און טוט נעהרען די שאפּענדע קיימען, און וואורצעלן פון דער מאדערנער קולטור!

אידעאלען און שטרעבענ׳ס. אייער גוט אויסזעהען, אייער פעט בייכעלע וואס ווערט אין יעדע מינוט פון לעבען אלץ דיקער; די לעבענסלוסט וואס איהר פארמאגט אין זיך, דארפט איהר פער־דאנקען, די מיאוסע, גראבע מאכלים, מיט וועלכע איהר נעהרט אייך. די אלע געמיינהייטען, די קויטיגע בלאטע און פאמיניציעס, וואס זייער געשטאנק פארגעהט אזש ביים נאז, זענען די היגענישע מיטלען פון אייער געזונטען קערפּערבוי.

## כב.

האט מען אַ שטיקעלע פריוועלעגיע, אזוי שטרעבט מען צו נאך אַ גרעסערער אונאבהענגיקייט. מען וויל זיך פרייער פיהלען. די געשטאקטע סאציאלע לופט פרעסט אזוי ביים הארץ. עס אנטשטעהט און עס וואקסט יעדעם מאהל מעהר, דאס אבזונדער־געפיהל. דאס אברייסען זיך פון דער סטאדע, דער חשק פון צוריק־קעהרען צו זיך, צום אינדיווידיאום, צו דער ווילדער בעסטיע, צו וועלען אליין זיך ערנעהרען דורך רויב. —

דעם מענשענ׳ס־גאב שמעקט נישט, זי פארלאנגט אז מע זאל די חיה (דאס וואס כאראקטעריזירט אזוי שטארק דאס אינדי־ווידועלע אינ׳ם מענשען) טייטען! —

## כג.

די געפיהלע יאגען ארום אין אונז ווי געצווימטע חיה׳לעך, מיט אַ ווילדען שגעון רייסען זיי זיך צו די אייזערנע שטאכעטען

פון די געשאפענע פורמעס. זיי פארלירען מיט אַ יעדען טאג זייער ווילדקייט.

תאוה, קנאה, שנאה, ליעבע האבען שוין ניט אין זיך די אמאהליגע ווילדקייט: די בעסטיע! — זיי זענען שוין קולטורעלער געווארען, איינגעקארטשטע און פארקנייטשטע געזיכטער, איינגע־צוימטע און אויסגעמאגערטע געפיהלע אהן כח און אהן לעבען ליגען אין דער שטייג, און מען האט זיי נאך אלץ מורא פריי ארויסצולאזען, ווייל די חיה, דאס בעסטיאלישע קען זיך נאך אמאהל אומקעהרען צו זיי.

כד.

וואס מעהר מיר ווערען עלטער, אלץ קינדישער ווערען מיר! כל־זמן מיר זענען קינדער, האט מען אונז מורא צו פארטרויען דאס שפילען. מען האלט אונז, פאר ניט רייף צום שפיעל. מיר קאנען נאך דאמאלס ניט ריכטיג שפילען: טאטע, מאמע, קינד, משפחה, מיר האבען נאך ניט אין זיך די שוישפילערישע פעהיקייטען, מיר זענען נאך ניט גענוג קינדיש, כדי קינדיש צו זיין, עס פעהלט אונז נאך אַ סך קינדישקייט, בכדי מיר זאלען פארמאגען אין זיך אזעלכע באגאבטע פעהיקייטען צו שפילען אט די ראלע. ווייל זייענדיג קינדער, זענען אונז אלע באגריפען פון משפחה און אזוי ווייטער, נישט מעהר ווי אַ שפיעל. די קליינע קינדער, די דאזיגע וואס לעבען קינדיש, האלטען די באגריפע נישט מעהר ווי אַ שפיעל; און די גרויסע מענשען ווערען קינדישער, וואס גרעסער זיי ווערען!

כה.

מיר זענען גוט אויף יענעמ׳ס קעשענע! וואס דען שלעכט זיין אויף יענעמ׳ס קעשענע?

אויף אייגענער פּוסט ווילען מיר ניט גוט זיין. אין אונז לעבען ניט אזעלכע אינסטינקטען, מחמת דעם גאָרטען מיר דאס גוטע, וואס עס איז אונז אזוי פרעמד, — אַ צווייטען דאמיט מכבד צו זיין: מיר קענען דעם אלטרוריזם ניט פארטראגען אז עס קומט אונז אוים, ווען, בשעת־הדחק, זיך מיט איהם צו האלטען, ווילען מיר דאס פארדעקען און פארשלייערן. מיר ווילען דאס ניט! מיר זוכען און ווארטען אויף דער געלעגענהייט, מיר זאלען דאס קאנען ארויסשליידערן. דאס גוטע קומט ביי אונז ווייניג וואס אינ'ם באטראכט, דאפאר ווילען מיר עס אַ צווייטען אנהענגען, ווייל אויף אונז טאלעפּיעט זיך עס נאך, מיר קענען דאס ניט ליידען.

ביי אונז אבער, זאגען די הייליגע חכמים: וואס עס איז דיר ניט אנגענומען, זאלסטו עס דיין חבר ניט טוען!

כו.

„וואס וועט זיין?“ די שאלה געוועלטיגט ביי יעדען. „וואס וועט זיין“ מוטשעט אונז און לאזט אונז ניט צורוה. אז מיר ווילען טיילמאהל אט די שאלה פארטרייבען פרעג איך ווי אַ יוד, אויף אַ קשיה אַ קשיה: „וואס וועט זיין אז עס וועט נישט זיין?“ „און ביי זיך אין הארצען טראכט איך: אוי רבש"ע, ווי דערלעבט מען שוין די לעבעדיגע מינוט פון ניט זיין!“ איך מיין פון ניט קאנען באשטימען און פארמירען דעם זיין.

מוז דען דער „ניט זיין“ פאסען צום „זיין“ ווי אַ שליסעל צום שליסעל? וואס טויג דאס גלייכע און אפילו דאס עהנליכע, דאס פארוים־באשטימטע אינ'ם זיין?

כז.

וואס נוצט דער „אזוי?“ דער אזוי מוטשעט מיך און פּלאגט מיך! דער אזוי ציהט פון מיר דעם דם־התמצות ארוים. דער

אָזוי פערגרעסערט מיינע שמארצען, פענטעט מיינע געדאנקען, קניפּט מיך פעסט צו זיך. ער דערמאנט מיך אָן ערד, בשעת קוקען צו די הימלען!

דער אזוי איז מיר אומפארשטענדליך פּונקט ווי דער „ניט־אזוי"!
מען דארף זיך פון ביידע באפרייען, ביידע האבען זיי איינעם און דעמזעלבען פארפיהרערישען רייץ. דער ניט־אזוי, פארמאגט אין זיך אפילו מעהר לאקמיטעל און שלאנגישע־ליסט. וואס קומט אבער ארויס, ביידע האבען זיי איין מיטעל.

אזוי און ניט־אזוי, ביידע זענט איהר גלייך אומפאר־שטענדליך!

כח.

די אידעע, וואס איך האב זיך געשאפען, זאל זיין העכער פאר מיר! אפשר טאקע יא! מיין קינד איז ערפאהרענער און פארשטעהט מעהר פאר מיר! איך בין דאך אבער פארט שטארקער און קראפטיגער, אמת׳ער, און צייטיגער פאר מיין קינד.

די קינדער, דאס שוואכע, דאס ניט געזונטע, האט מעהר שאנסען אין לעבען! עס פארנומט די אויגען און די הארץ, רייצט די מחשבות! דאס שוואכע און קראנקע, דער ליגענד, דאס ניט־אמת׳ע אימפאנירט מעהר אין לעבען, ווי דאס געזונטע און צייטיגע: דער אמת׳ער אמת!

כט.

דאס נישט־שאפענדיגע, ווי רייך ביסטו מיט שאפען! דאס שטילע פארבענקטע, פארטיפען אין זיך! די צארטע הימליש־זיסע מעלאדיע, אהן ווערטער און אהן זינגען — מיט צוגעשלאסענע

ליפּען: די אינערליכע מעלאַריע וואָס זינגט אין האַרצען, און ערוועקט אין אונז מאַכטיגע פאַרלאַנגען, עס וויל זיך אַזוינ׳ס, וואָס אָרעם זענען די פאַרשטעלונגען אַזעלכ׳ס אפּצומאָהלען.

דער מוח, וואָס יאָגט איבער דעם פּינזעל, קאָן די פאַרלאַנגען נישט דעריאַגען. זיי שטאַרבען אומגעזעהן, אומגעוויזען זיך!

זיי האָבען נור פאַרבענקען איבערגעלאָזען.

# שטימונגען.

## ל.

טיילמאָהל באַפאַלט מיך אַ ווילדע תאוה געטריבען דורך שטאַרקע ליידען צו שרייען, אַ קול וואָס זאָל בכח זיין דעם גאַנצען אַל צו שטעלען! איך ווייס, זיי וועלען אודאי לויפען, קוקען נאָך מיינע בייזע וואונדער. טעלעפאָנירען צו זייערע אינסטינקטען, זיי זאָלען אנומען אַ טיילנעמערישען אנטייל. אפּעליירען צו זייערע גרימאַזען, זייערע שוישפּילערישע פעהיקייטען צו באַווייזען.

אין איין מינוט וועלען באַשאַפען ווערען טויזענדער רחמנות־און נעבעך־געזיכטער, טויזענדער מענשלעך וועלען נעבעך טון אַ קרעכץ און מאַכען אַ זויערע מינע; כאַטשע נום אין גיב זיי לימענים.

און אין דער שאַפער פון אַט דער קאָמעדיע, איך די קאַרבע פון מענשליכע חושים וואָלט שטאַרק געוואָלט קאָנען דורך זיי לאַכען. —

אַ לאַך פון געטליכער גבורה!

## לא.

מאָרגען! דו טרייבסט אַ קאמעדיע מיט דער גאנצער וועלט.
דו מאכסט אַ וועלט משוגע! אויף דיר גלאצען מיליאנען מענשען
זייערע אויגען!

מארגען! דיך קנעט מען אויס ווי אַ טייגעל, און מ׳ציהט
דיך פון אלע זייטען! דיך באהענגט מען מיט צירונג כדי מען זאל
דיין קרעציגען גוף ניט ארויסזעהען! אַ יעדען פאר׳כשופ׳סטו מיט
דיינע קליידער. אלע זענען גערייצט פון דעם מאדערנעם שניט
פון דיינע קליידער, וואס בייט זיך מיט אַ יעדער רגע! דו שמינקסט
זיך ווי אַ פופע, און געשפינענע אין קאסטבארע געוועגדער וואס
די מענשען פארהיהלען דיך.

אין איבערנאטירליכע ערייגענישען; אין נסס׳דיגע וואונדער
אנטפלעקסטו זיך פאר אונז!

## לב.

אבגעריסענע טענער פונ׳ם גלויבענ׳ס־ים! דער נשמה־טייך
פון צארטע שטילע נגונים, רייסען זיך מיר אויס׳ן הארצען! די
נשמה פון מיין איך, שטעהט פאר׳ן עמוד! אין אַ טלית פון
טרוימען־געוועב, געשפינען אויס די פארביגע פעדים פון דער
פאנטאזיע! די צושמאלצענע ווייסע ליכטער, דער עולם: אלע
געפיהלען און וואונשען האבען זיך פארזאמעלט. ארום זיי שלייכען
די איבערטריבענע וואונדערליכע מעשיות, אומגעלימפארטע פאר־
לאנגען פיהרען דא זייער ממשלה! אין אַ געטליכער הייליקייט,
שוועבען דא די פארזאמעלטע! מיט אַ טויטער שטילקייט ערווארטען
זיי די נייע תפילה פון דער נשמה!

## לג.

ס׳וויל זיך שטארק ווייגען! ווייטער די טרערען אין זיך באהאלטען. טרערען געמאטערט פון פיין און אין שמארץ פון מיינע שטארבענדיגע געפיהלע. טרערען געבאדען אין שמארץ פון דעם קינדערבעט, פון די צום לעבען קומענדיגע יונגע עופ׳עלעך פון חלומות און טרוימען.

אַ זא לייכטע און ווארעמע הייליקייט געהט מיר אדורך, דורך דעם לייב. איך בין ווי באזעלט פון דער הייליקייט. אַ הייליקייט וואס פאר׳כשופ׳ט מיך, קראפטיגט מיך, שטארקט אַטייל שוואכע אינסטינקטען, וואס זענען פארבארגען געוועזען, און זיי האבען זיך זעלטען ווען געציינט.

זיי טאנצען איצט אויף דעם שלום־זכר, און אויף דעם ברית פון די ניי־געבוירענע טרוימען. איך בין דער בעל־ברית פון פרישע געפיהלע. אין מוח איז אזוי פרעהליך און לעבענדיג. אלעס איז באזעלט פון דער געטליכער הייליקייט אין וועלכער מיינע טרערען טוען מיך אָן.

## לד.

טויט פון געדאנקען, ראזקאש פון געפיהלען. דאס לעבען פאלטערט די געדאנקען און טוט זיי אן עניום־קשים, און נאכ׳ן לאנגען ראנגלען זיך מיט׳ן לעבען, — שטארבען די געדאנקען.

די געפיהלע געריהרט דורך אַ שטארקע טיילנאהמע און באדויערען, די יסירים פון די געדאנקען, ערוועקען די געפיהלען און שאפען פרישע, לעבעדיגע, יונגע און נייע חלומות.

אט אזוי געהט דער טויט אַ טענצעל מיט׳ן לעבען, דאס

איז דער אייביגער לעבענסטאנץ וואס טוט זיך ניט אב פון אונזערע אויגען, אַ טאנץ וואס מוטשעט אונז, און לאזט אונז ניט אב כל זמן מיר לעבען.

לה.

יא, שרייבען! — זיך צו זיך אומקעהרען, זיך אין זיך — איינלעבען, זיך צוהערען צום אייגענעם ליעד, זיך איינהארכען צו די ווילענ׳ס און איבערטריבענע חלומות, זיך אין ליעד פארוואנדלען; און ווערען אַ שטארק ליעד, אַ ליעד וואס שטייגט העבער און העכער, אַ נשמה־ליעד בלאנקעט זיך אום אינ׳ם לעבען, מאכט אדורך פארשיידענע גילגולים, אַ ליעד געלייטערט פון דער ממשות׳־דיגער וועלט, אַ שטיל ליעד וואס היילט און וועקט ניט, ברויזט ניט, לעגט זיך ווי אַ לייכט, און דין זיידען־געוועב אויף אונזער נשמה, פאר׳שכור׳ט אונזערע געדאנקען.

דאס ליעד, וואס היילט מיך איין אין אידיאליטעט, שיינקייט און שטיל־פדידליך נשמה׳דיג־לעבען, דאס ליעד פון זיך צו זיך.

לו.

שאטענס פון דער צייט! אוואו איז די צייט? וואו דיין שאפער, דיין טאטע?, וואס זאגט עפיס די מאמע וואס האט דיך ערצויגען? וואס פארצעהלסטו פון דיין קינדהייט? אוואו ביסטו אהינגעקומען?

די פארשוואומענע בילדער קומען און צייגען זיך זעלטען ווען, זיי מוזען זיך לאנג באדען אין די יסורים פון דעם הוה, אז די געגענוואַרט׳ס יסורים שטייגען און ווערען שמארצליכער, דאמאלס ערשיינען די צייטבילדער, געשטאלטפולער און קלארער.

בילדער געבוירען אין שמארצען פונ'ם מאמענט. לעבען פארשטעהט זיך ניט מעהר ווי אַ מאמענט, עס פרעגט זיך אויב עס איז כדאי, עס לוינט זיך דען?

אזוי פיעל שאטען, און אזוי ווייניג צייט!
אזויפיעל ליידען פאר אַ קורצען מאמענט!

לז.

מענשען געשאפען לויט'ן פאפיער אזעלכע מענשען זעהען מיר פאר זיך דא און דארט. איך האב פאר זיי קיין אנדער באציי־נונג נישט. מענשען וואס פיהרען זיך נאך אַ פינף און אפשר מעהר טויזענד־יאהריגע טראדיציע, מענשען וואס ליגען, און האלטען אין איין ווייקען אין דעם זומפּ פון די פונפטויזענדיאהריגע איבער־לעבענישען, זיי פאסען אלעם צו צו יענער צייט, אבער ניט צו זייערע. גלייך זיי אליין, און זייער צייט, זענען גארנישט. גלייך זייערע גאנצע אויפגאבען אויף דער וועלט וואלט געווען: טוען, גריבלען, קלערען און דענקען ווי זייערע עלטערן און פרומע לייט.

זייער גאנץ דענקען, איז ניט זייער'ס נור אַ תולדה פונ'ם עבר. וואס שפעטער זיי ווערען אלץ פרעמדער ווערען זיי זיך, — זייער אייגענעם איך.

דאס פינף — און אפשר מעהר טויזענד יאהריגע שאפען, און ווערקען ליגט אויף אונז ווי אַ שווערער בארג אויף די פלייצעס, און דרוקט אונז. נומט אונז איין ווי אַ קינד. ווילסט דיך מבטל זיין, מקיים זיין און אויספיהרען אלעס, וועסטו ווערען אויפגענומען אין אונזער חברה'לע וואס פיהרט זיך נאך אַ טויזענד־יאהריג לאנגער פארגאנגענהייט איז גוט. אָלא ניט, ד. ה. דו ווילסט זיין אייגען ווילסט נאכגעהען נאכ'ן ווילגעפעלען פון דיין הארץ. „אריגינעל" —

ווי דו רופסט עס אן, האבען מיר פֿאר דיינעט וועגען באשאפען אַ הקדש. דארט איז דיין פלאץ, און ניט האבענדיג קיין ברירה, האבען מיר מיט פּחד געקניהט און זיך געביקט פֿאר דער תורה וואס האט אונז דעם באגריף מענש געשאפען.

קיינער פון די חיות און עופות האבען די תורה ניט געוואלט אננומען, ווייל זיי האבען זיך ניט געוואלט לאזען פענטען, פון דעם אלעמאהל דיקווערענדיגען שטריק פון דער פארגאנגענהייט. ביי דער ווילדעסטער חיה לעבט דער אריגינעל-געפיהל. די מענשהייט מיט דער ציוויליזאציע, און נאך אזעלכע ארטיקלען איז דער אריגינעל-באגריף לחלוטין פרעמד. די גאנצע לעבען איז אן עבר. מאשינקעס. וואסערע לידלעך אונזערע עלטערן האבען אריינגעזונגען, האלטען מיר יעצט אין איין ארויסזינגען.

# רמזים.

(איבער טעאַטער.)

## לח.

דאס טויטע ווארט ווערט לעבעדיג אינ'ם קינסטלער'ס מויל, דאס ווארט האט אַ קערפער באקומען, דער קינסטלער הויכט אריין אין די טויטע, ערשטארטע חושים פון ווערטער — לעבען! ווארעם בלוט אוים זיין אייגענער נשמה, אין אלעס, די חושים פונ'ם ווארט באוועגען זיך אין זייער גאנצער ריטמישער שיינקייט. די עלאסטיטעט, דער קלאנג, די פלאסטישע בוי, די פאנטאסטישע וועלט פון וועלכען די זינליכע לעבעדיגע ווערטער ערצעהלען אונז ערוועקען אונזער געמיט, פארנאכען, און לאקען אונז צו זיך צו זייער וועלט.

מיר, לאזען זיך פארנארען, מיר שלייכען אין דער וועלט פון דעם לעבעדיגען ווארם. מיר פיהלען דעם לעבעדיגען דופק פונ'ם ווארם. מיט די אויערען דערטאפען מיר טיילמאהל דעם פאלשען קלאנג פונ'ם ווארט. טייל געקארטשעטע ווערטער פעהלט גימנאס־טישע איבונגען. טייל חושים פון ווערטער קרענקען פאר ניט האלטען זיך אין די דיעטישע פארשריפטען...

## לט.

די ביהגע, דערברייטער ים פון דעם לעבען, דער שוישפילער טאפט ניט, ער פרעגט ניט קיין קשיות ווי טיעף, אדער ווארעם צי קאלט; וואו ארומעט עס איז בעסער זיך ארייגצעווארפען, אוואו מען פארשמירט זיך ניט אוים. ער מאכט ניט קיין משונה'דיגע הויות זיך באדענדיג אין דעם ים פון לעבען, פאר'ן וואסער שרעקט ער זיך ווייניג וואס, ליארעמט נישט און שרייט נישט.

מערקווירדיג, נאר די אלע אנפענגער שטעלען דעם לעבען פראגען, די געניהטע וואס שטעהען אויף איין מדרגה ווי די אנפענגער פרעגען ניט, זיי האלטען אין איין נומען, באברען ניט, נור נומען וואו עס איז.

## מ.

די פרימאדאנא כאפט ביי מיר איין אנבליק צום ווערקפיהרער און מאשיניסטין פון אַ גרויסער מאשינען־פאבריק, זי ארבייט אויף אלע כלים. אומעטום איז זי פול. ערטיילט באפעהלע ווי אַ פעלד־הער. אומעטום שלייכען איהרע געביטערישע בליקען, אזעלכע שארפע און שטארקע וואס מאכען אבהילעכען איהר — שטארק געביטערישע גבורה, אונטערטעניג ווערען די אייגענע ווילענס. זיי

שארען זיך אוועק אָן אַ זייט, לאָזען זיך היפּנאָטיזירען פון דער מאכט פון איהר געביטערישקייט. דאס ותרנ'ישקייט וואס א'ז ווי זאלץ אויף דער וואונד ביים שוישפּיעלער, צייגט זיך בולט'ער און פּארנומט דעם אויבען־אָן. זיי לאָזען אוים אַ וויכטיגען לעבענס־נערוו פון זייער שוישפּילערישע פעהיקייט, זיי ווערען דורך איהם געשוואכט.

# א י ד.

(נאָטיצען).

## מא.

מיינע נאָטיצען, וואלטען באדארפט „וואנדער־נאָטיצען" הייסען, און אפשר אזוי אויך ניט.

די שטימונגען קומען ניט פון דער נאכט, נור פאר דער נאכט. ניט פון דעם תוך נאכט־נשמה, נור פון דער נאכט חצוניות, פון די נאכט־מלבושים, וואס די נאכט טראגט אויף זיך. די רייצענדע נאכט־מלבושים און אויסערליכקייטען פארפיהרען מיך. איך לויף נאך דער נאכט מיט מיינע געדאנקען און געפיהלען, וואס האבען זיך געלאזט פארפיהרען דורך דעם אויסערליכען רייץ; און באלט דוכט זיך מיר, אז איך האב שוין מיין ציעל דארגרייכט, דאן ווייזט זיך ערשט ארוים, אז דאס א'ז, דאס קלייד פון דער נאכט אויף וועלכען מען קען זיך ווייניג וואס סומך זיין, ווייל מארגען וועט די מאדאם נאכט איהר טואלעטען איבערבייטען....

## מב.

מיילמאל דוכט זיך מיר, אז די נשמות פון מיינע חלומות איינגעהילט אין דעם שווארצען, איבהאלטסלויזען־געוועב פון מיין

עתיד, פאַרפאַלגען מיך אויף יעדען טריט אין שריט פון לעבען; און אַוואו זיי קומען פאַרסמ'ען זיי די סביבה, חלומות, וואס ווערען פון דער צייט אויסגענאגט, געפלאַגט און געמאַטערט. חלומות יונגע, פול איינגעזאפּט מיט רייכע געשיכטען פון פאַרשיידענע עבר'ס! יונגע, פרישע, ערשט־געשפּינענע־חלומות זיצען צוזאַמען מיט יפתח'ס־טעכטער און באַקלאַגען זייער יונג־לעבען; זייער גאַנץ אומשולדיקייט.

## מג.

דער נעכטען, וועלכער האט מיר אַזויפיעל שמאַרצען פאַרשאַפט, זאל ניט מעהר ווי אַ חלום זיין? — איך וויל איהם איינהילען אין אַ געדיכטען געוועב פון אַן אייזערנער גלייכגילטיקייט, גארניט זאל אפּערשיינען!

נעכטען! איך היט זיך פאַר דיר ווי פאַר פייער. דו לויפסט מיר אבער נאָך, גיבסט מיר ניט קיין רוה, קומסט מיר אקעגען, וואו איך טו נאָר אַ בליק אויפ'ן היינט, שפּרינגסטו מיר שוין אַקעגען.

דו שרעקענסבילד! דו מלאך־המות פונ'ם לעבען! איך זעה דיך שוין שאַרפען דיין שווערד!

## מד.

דער שמאַרץ רייצט אונז און פּלאָגט אונז. ער לאָזט זיך ניט באַגענוגען פונ'ם בלויזען זיין. — דער זיין איז ביי איהם גארניט; דער זיין פאַראינטערעסירט איהם ווייניג וואס. דעם שמאַרץ קען מען מיט געוויינטליכע טאָג־טעגליכקייטען ניט פאַרטרייבען. להיפך: די ווירקליכקייט פּלאָגט איהם און פאַרגרעסערט זיינע יסורים. פאַרטרייבען קען מען איהם נור דורך אַ וועקסעל, איבערבייטען די ביז־איצטיגע לעבענס־שיטה. ער טרייבט אונזער געמיט אַוועק פון

דער ווירקליכקייט. פארגינט אונז נישט די לעבען וואס ליגט אזוי אומפארשטעגדליך און בליהט פאר אונזערע אויגען.

דאס געזונטע לעבען קאן דער שמארץ ניט פארטראגען, ווייל עס פאראורזאכט איהם גרעסערע שמארצען. איך מיין עס היילט איהם... און ביי אַ יעדען קראנקען, איז שוין פון תמיד דאָ אַ שטארקע נטועה צום שוואכען, צום ניט געזונטען, צום קראנקען.

מה.

לעבען! דיך גופא וויל איך זעהן. אלעס וואס דו קאנסט איז מיך צו פארטרייבען אין מיין צימער. מיך אפשטופען פון זיך. דו אליין אנטפלעקסט זיך פאר מיר זעלטען. דורך די אויגענגלעזער פון מיין טריבען, מאנאטאנעם, איינזאמקייטס-הלל, פון מיין צימער, מעג איך דיר בליקען שענקען! איך האב אַ שטארקע ראיה, מיט נאקעטע בליקען וויל איך דיך אנקוקען. פארשפיעל מיך אויך. וויז מיר עפּים. פארצעהל און פארנאר מיך. ריים מיך. אָפּ פון מיר. וויז אַ קונץ, אז איך זאל זיך פארגעסן, און נור דו זיין.

איך זאל זיין לעבען! אלעס זאל איך דורך דיר באטראכטען. יעדער אורטייל מיינער, זאל זיין פארצוקערט און געמישט מיט דעם רייכען קוואל פון לעבען, פון דער גרויסער אומענדליכקייט פון דעם אל, ניט פון מיר. איך זאל בטל ווערען!

מו.

טיילמאהל וויל זיך מיר זאגען: „אלעזר!" אזוי ביסטו לעדיג און פוסטע, געה צו יענעם, אט צו דעם געשריבענעם, יענער איז אמת'ער, יענער איז ראשי־תיבות'דיגער, שקיצענהאפטער, פראגמענ־טארישער! אָדער, געה נאך ווייטער, ווערסטו עררייכען דאס ניט

געשריבענע, נור פארקריך זיך ניט. בלאנזשע ניט אין דעם גרויסען ים פון חלומות. פארגעם ניט אז דער גאנצער רעש, דאס ווילדע, גיגאנטישע טרייבען איז פון דיר באשאפען געווארען! דו דארפסט ניט פארגעסען, אז דו ביסט דער גאט פון אט דער נייער וועלט אין דיר.

מז.

„Self made man" אומעטום געהאט צו זינגען און צו זאגען, אלע גרידעס אין מכשולים באזייטיגט, זיך געבאדען אין טויט פון פארשיידענע לעבען־סתירות, געהארטעוועט פון די ליידען וואס דו האסט געהאט אומעטום אויסצושטעהען, בשעת דיין שפאצירען אויף דעם לאנגען שליאך וואס פיהרט דיך אדורך דעם ברייטען, און אונענדליך־לאנגען וועג פון לעבען: „רייך מיט פארשיידענע רייצענדע גראטעסקען און פארפיהרערישע בליקען, וואס דאס לעבען האט אויף דיר זיין נעץ אויסגעשפרייט, דיך צו פארנארען; דיך פון זיך צו פארטרייבען, דיך מאכען אונטערטעניג הינטער זיך". אט דאס גאנצע פארפיהרערישע, האט וויניג וואס געהאלפען, די אלע גליקען וואס דאס לעבען האט דיר פארגעזאגט, איז וויניג וואס בכח געווען דיך פון זיך אבצורייסען, דאפאר, ביסטו ביי מיר אזוי שטארק חשוב!

מח.

איך בין אַ קאלעקטיווער איך. אונטער מיר ליגט און וואקסט די שטארקע פארגאנגענהייט. איך בין נישט מעהר ווי אט די מוסטער־קאלעקציע: פארגאנגענהייט, צוקונפט, און בלאסע געגענווארט! אהן דער קאלעקציע בין איך גארנישט!

איך לאז איבער מיין מוסטער־קאלעקציע, איך וויל זיך מיט איהר אומעטום ניט ארומפיהרען. מען קען העכסטענס זאגען אז איך בין ניט קיין רייזענדער! איבריגענס דארף איך בכלל ניט קיין מוסטער־קאלעקציעס. איך האב צו טון מיט איינגעפיהרטע־מארקען:

איך וויל אויך דאס נישט! אַ צווייטען מארקען איינפיהרען? און אהן דער מוסטער־קאלעקציע וואס בין איך? אַ נארישע טעאריע: די קאלעקציע באשטימט מיין כאראקטער.

איך בין מעהר און העכער פון אט דער קאלעקציע!

## מט.

האפנונג! גלויבענס, ווילענס, און ציעלע! אייך אלע וועל איך ניט זעהן בשעת יציאת־נשמה!

ביי מיר צוקאפענס וועט איהר ניט שטעהען, ווען מיין גוף וועט זיך ראנגלען מיט'ן לעבען! איהר וועט קיין טרערען ניט לאזען. קאמעדיע וועט איהר ניט שפיעלען! איהר האט ניט פאר וואס. מיט מיין ירושה, האט איהר אייך ניט וואס צו טיילען.

אינ'ם גאנצען לעבען, האט איהר ניט געשאפען קיין דויער־האפטיגעס. איהר האט זיך לאנג ביי מיר ניט געקאנט אויפהאלטען. טאג און נאכט, האט איהר ווילענס און ציעלע געביטען אייערע וואוינונגען. „גאס און איך" „איך - אין גאס", אזוי האט איהר זיך אומגעטראגען, מיט אַ גאנץ אינדיפערענטער גלייכגילטיקייט, האב איך זיך צוגעקוקט צו אייער טרייבען, אנגעטון האט איהר אייך אין פארשיידענע רייצענדע לאקמיטעל, אבער געצוואונגען. האט איהר מיך קיינמאהל ניט, מיך האט איהר ניט איינגעהילט אין אַ ציעל,

אדער אין אַ ווילען, ביים לעבען נאך, איז אייך גארנישט געלונגען, אויף דער לויה פון מיין גוף, זייט איהר שטום. — אפשר נאך געמישט מיט אַ שטיקעל דרך ארץ!





## איבער פעסימיזם און אפטימיזם.

. . . מיר האלטען אין סאמע מיטען וועג, צוריק קען מען נישט, פאר אונז ליגט אויסגעשפרייט, אַ לאנגער, אונענדליכער וועג, מיר כאפען אלע מאהל א פרישען לאף, וועלכער ליגט אויף אונז ווי לעפיש... מיר הילען זיך איין, כדי דאס ביסאַלע ווארעמקייט און לעבען וואס עס איז אונז געבליבען פונ׳ם לאנגען גלות־מהלך מציל צו זיין, ס׳איז איצט ווינטער — כאטש מיר האבען נאך נישט קיין פריהלינג, זומער, און הערבסט דורכגעמאכט, אויף דער ערד ליגט זיך אויסגעשפרייט א געדיכטער שניי. פון ערגיץ וואו פער׳גנב׳עט זיך א ווארמער שטראהל, ווערד אבער פארפרוירען פון דער סביבה־קאלטקייט. נאך־דעם ציהט זיך א גרויסע, לאנגע, פוסטע און ליידיגע נאכט. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

. . . א פאלק פון מיניסטער־קעפ, און „נישט״ איין מיניסטער... — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר ווערען אלט געבוירען, מיר ווערען געבוירען מיט אלטע קעפ. ס׳איז ביי אונז אַ יתרות אז מיר קאנען זאגען צו נא׳יונגען בחור, אז ער האט אַ „קאפ פון אנ׳אלטען...״ אדער: „ער רעד ווי׳

אנ׳אלטער...״ ס׳שטעלט זיך אונז קיינמאהל נישט די שאלה, אויב ער האט שוין אין זיין יוגענד א קאפ פון אנ׳אלטען, ווענזשע וועט ער האבען א קאפ פון א יונגען? — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — —

מיר האבען נאך נישט רעכט דאס לעבען מקבל־געוועזען, און שוין זענען מיר פעסימיסטען. מיר האבען נאך נישט פונ׳ם עץ־החיים פארזוכט, און מיר ווייסען שוין זיין טעם. ארצעבאשעוו זאגט ערגיץ: „פערלאנג נישט פונ׳ם מענשען קיין גוטס, וועט ביי דיר שלעכט׳ס אויך גוט אויסזעהען״.

„יונג בין איך און מיעד ווי א גרייז, פון רויזען האב איך געחלומט, אין דערנער האב איך באגעגענט״ (סטראפען פון אַ יונגען)

אזא לירישער פעסימיזם, געוועלטיגט אין דער יודישער ליטעראטור, ס׳איז אנ׳עפידעמישע לופט, וואס מיר ווערען אלע פון איהר אנגעשטעקט.

איידער מיר האבען דאס לעבען רעכט אנגעקוקט, האט אונז א יאוש צום לעבען געפאנגען. „יונג בין איך און מיעד ווי א גרייז״ מחמת דעם וואס מיר קוקען דארט וואו מ׳דארף „נישט...״ מיר באגניגען זיך נישט מיט איבערמענשען, נור מיר ווילען העכער פון איבערמענשען זיין, מיר ווילען מאדערנער פון מאדערן זיין; און אט אדא ליגט דער הונט באגראבען. מיר האלטען אָן סאמע התחלה פון דער תחיה־פעריאד. מיר זענען ערשט ארויסגע־קראכען פון דעם איי, און שוין ווילען מיר זיין גלייך ווי די היהנער: כדי מיט לייטען־גלייך צו זיין, באַדארפען מיר קודם־כל, הן אין לעבען והן אין דער ליטעראטור, אזא גרויסען און תוכן־רייכען אַנטוויקלונגס־פראצעס אַדורכמאכען. כדי צו זיין לייטען־גלייך, באַדארפען מיר שפאנען אין זייערע קודמ׳דיגע דרכים. מ׳קאן נישט

ארויפשטייגען אויפ'ן אויבערשטין שטאפעל פון דער לייטער, אז מען האט נישט ארויפגעשטייגט אויף די פריהערדיגע שטאפלען. איך ווייס, אז מ'וועט זאגען, דאס מען קען ארויפשפרינגען, און דער „נאטור" אדער אינ'ם „לעבען" קען מען נישט שפרינגען...*) מיר פערבייטען די יוצרות, מיר לייענען איוב פאר רות, מיר זאגען קהלת איידער מיר האבען שיר־השירים געזונגען... אַ געשטאקטע בית־עולם לופט, וואויעט זיך ארום, מיר הויכען זי איין — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

מיר ראנגלען זיך מיט אונזערע לעצטע כחות פון דער טיעפער באדרענגעניש, שרייען מיר: „לעבען", מיר ווילען לעבען, מיר ווילען נישט שטארבען, איידער מיר האבען איינגעהויכט פונ'ם לעבנס־הויך. לאזט אונז פריי דאס לעבען געניעסען! נישט דא שטעל זיך נישט, און דא מעק זיך נישט. „ובחרת בחיים..." זאלסט דיר אויס־דערוועהלען דאס לעבען... גאט וויל דאס מיר זאָלען פונ'ם לעבען געניסען; גאט וויל אפילו נישט דעם טויט פונ'ם רשע.**) דער על־חטא צום גוף וועט מכריע־זיין אלע אויסגערעכנעטע, מחזור אל חטאים. א חוץ דער נשמה, האבען מיר א גוף. אלעס וואס געפונט זיך אויף דער ערד איז פאר דעם גופ'ס וועגען באשאפען געווארען. מיר זינדיגען, ווייל מיר האבען דאפון נישט קיין הנאה. א מענשענ'ס לעבען איז דוחק שבת, ווייל דארט וואו ס'איז פארהאן לעבען, דארט איז אויך א גאט פארהאן. „לא המתים יהללו יה" (טויטע קענען גאט נישט לויבען) א לעבעדיג לעבען, נישט קיין גסיסה'דיג לעבען ווילען מיר. פערזאמערט אונז נישט דאס לעבען! גיטשע לערנט אונז, אז דאס שלעכטע, איז וויכטיג גלייך ווי דאס גוטע, דער רשע גלייך ווי דער צדיק. מיר ווילען דאס גוטע און דאס שלעכטע פון

*) זעה: מ. י. ברדצבסקי.
**) זעה: מ. י. ברדצבסקי.

דער נאטור מקבל זיין באהבה. לאזט אונז איינהויכען, א הויך פונ׳ם לעבען.

לאָמיר זינגען שיר־השירים...

## באשטימט און אומבאשטימט.

איך בין נישט באשטימט, איך וויל אפילו נישט עהנליך זיין... איך האב פיינד באגרענצטע, אויסגעמאסטענע און לאגישע מחשבות. איך האב זיי פיינד, ווי דעם טויט. (ווייל אין זיי גופא שטעקט ער) יעדע באשטימטע זאך האט אנ׳ענד. דער טויט איז דער ענד פון א באַשטימטער מחשבה. טויט־זיין הייסט, נומען אנ׳עק צו דעם ווּעזען, און דאפון נישט מעהר האבען א שרש. טויט איז אנ׳ ענד־ציעל פון אנ׳ אידיאל. דאס אבשטארבען פון דעם אידיאל, הייסט דאס פאַרווירקליכען... אלעבענס־אידיאל איינפיהרען הייסט, דאס אידיאל הרג׳ענען. לעבען רעאליזירען הייסט — דער „טויט״ פונ׳ם „לעבען...״ דער טויט איז באשטימט, די Idée fixe האט ביי מיר רוק און געניק געבראכען... —

איך האלט דאפאר מיט דער וואהרשיינליכקייט, מיט דעם אומבאשטימטען, איך האלט פון דעם איבערנאטירליכען; פון לעבענס־נסים, וואס קאנען יעדע מינוט געשעהען.

מחשבות רעאליזירען, הייסט: זיי הרג׳ענען. מחשבות־פאַרגלייכען, אָבמעסטען, פארשענערען, פיילען און שנוצען, און זיי צופאסען צו דער לעבענדיגער וועלט, הייסט פון זיי שניידען פאסען לעבענדיי־גערהייט — איך בין בטבע א ווייכע נאטור, און קען נישט ליידען זייערע יסירים.

אינגאנצען מוז זיך נאך געפונען א „קלעהר" אז ס'איז נישט אינגאנצען... די לעבענסרעאליטעט לאזט זיך קיינמאהל נישט אויסווייזען.

פארוואס „אזוי" איז „אזוי", האט נאך קיינער נישט באַגרונדעט. „זיכער" בעטייט זעהר אפט „נישט" זיכער... איך האלט נישט פון „יא", און האלט נישט פון „ניין", איך בין צווישען זיי ביידע. די וואהרשיינליכקייט — זאגט ניטשע — איז א פאַרבעסערטע וואהרהייט.

## פונ'ם אמת צום ליגען.

דער עסטעטיקער מיט זיין קלאפערגעציג קומט צום מגושם־דיגען און גראבען (נישט עסטעטישען....) לייטערט אדורך פאר־שיידענע זיי־טיכער, געדיכטע און שיטערע, דאס פסולת גיסט ער ערגיץ אויף א פארבארגען ארט אויס, כדי מיר זאלען דאס נישט געפונען, און צוריק איינזאפען אויף דאס ניי.

דער עסטעטיקער זאגט צו מיר: „דו זיי נישט דו..." נור אני אנדערער, אזעלכער וואס איך וועל דיר געביטען... „ביסט עסטעטיש" הייסט ביי מיר ביסט א ליגנער נישט קיין אמת.

דער עסטעטיקער קומט צו אונז מיט א נייער תורה: — דיין אמת איז „ליגען", נור מיין ליגען איז „אמת".

דער עסטעטיקער האנדעלט מיט אונז ניט סוחר'יש, ער נעמט פון אונז אוועק א גאנצעס, און קעהרט אונז צוריק א האלב'ס. עסטעטיש־פיהלען, הייסט אַ באַגעהרען צו עפּיס אַ העכערעס, אַ העכערעס וואס מיר האבען לע"ע נאך נישט קיין השגה, און מיר קאנען אויף זיכער אפילו נישט רעכט וויסען אויב יענעס, דאס העכערע דער העכערער

אמת, דאס, פאר וועלכען מיר מאכען א בייט, איז העכער פון אונזער טאג טעגליכען אמת, ד. ה. פון דעם אמת, וואס מיר האבען פריהער געהאט, ווען מיר זענען נאך געווען מגושם'דיג. און ווען מיר זאלען אפילו מסכים־זיין, און זיין פעסט איבערצייגט אז יענער אמת, צו וועלכען דער ליגען פיהרט אונז, איז גוט, און ס'איז כדאי מיט איהם צו מאכען דאס געשעפט. קאן איך אבער נור אנווענדען צו יענעם אמת וואס די עסטעטיק איז מיר מבטיח. (דער העכערער אמת) ווייל די עסטעטיק איז ערשט א באגעהרען צום שעהנעם. זי פיהרט מיך ארויס פון מיין געמיינעם הויז, און פיהרט מיך אריין אין דעם פאדער־הייזעל פונ'ם שעהנעם; און אזוי בלייב איך שטעהען מיט א פארבענקט הארץ צום אלטען, און מיט א שטארק גלוסטונג צום נייעם...

די עסטעטיק איז דאס „רוי־מאטעריאל" אבער נישט די פארטיגע סחורה..... פולט מיך אן מיט באגעהרען, צו פארוועהרטען מיין סחורה, מיט איין ווארט, עס מאכט מיר אן בויכגרימעניש.

די עסטעטיק, הייסט מיר מיין אמת פארלייקענען, און לערנט מיך זיין א ליגנער, און דורכ'ן „ליגען" וועל איך קומען צום „אמת". דעם „ליגען" גיבט זי מיר, און דעם „אמת" ווייזט זי מיר...

## ליבּ.

ליבּ — כאפט דעם אנבליק צונ'א שווער זעקעל תבואה. דאס רוב מענשען, האבען נישט די נויטיגע פעהיקייט, די אזוי גערופענע־ טרעגערישע־ פעהיגקייט. זיי זאלען דאס קאנען טראגען אליין, אויף זייערע אייגענע פלייצעס. זיי מוזען רופען אנדערע מענשען נאך הילף. אז אנדערע מענשען זאלען זיי ליבען, ווייל

זייערער אייגענער לויב־געפיהל־אויסדרוק איז צו שוואך, דעם לויב צו פיהלען.

## ווארטען.

איבערווארטען, וואָסער פנים וואלסטו געהאט אָהן דעם ווארטען? דו ביסט דארצויגען געווארען אינ'ם ווארטען. האסט געמוזט ווארטען, בכדי זאלסט ווערען איבערווארטען.

איבערווארטען! אזוי פיעל ווארטען האסטו איך דיר איינגע־זויגען. אין הונדערטער חלומות האט דער ווארטען געשפינען זיינע בילדער. דיך פאר'כשופ'ט און באצויבערט, און דיך געהאלטען געפאנגען אין זיין נעץ, — אין דער אייזערנער נעץ פון — ווארטען.

מיט וואסזשע ביסטו ריין פון ווארטען? מיט וואסזשע ביסטו איבערווארטען? וואס איז געוועזען דער סם, וואס האט פאר־גיפטעט דעם ווארטען, כדי דו זאלסט ווערען איבערווארטען?

## די צייט.

א ווארט וואס פאר'שכור'ט אונזער געמיט, ניט וויסענדיג פון און פאר וואָס, אנ'עררייגעניש איבער וועלכען מ'אַמפערט זיך לעבענס־לאנג, אבער צונ'א טאלק קומט מען קיינמעל ניט.

ווען איך זאג „די צייט" מיין איך ניט א פארגאַנגענהייט אדער אנ'עתיד; איך מיין די „הי' הידיעה" אדער בעסער געזאגט די „הי' הלא ידיעה" דאכט זיך אלע גאָרטען זיך אויסצופליאנטען פון אָט דעם פאַר'חלומ'טען־פליאנט. מיר פארזוכען אלע, אָבער דער טעם בלייבט פאר אונז א לפי־שעה'דיג רעטעניש. מיר פיהלען ניט

זייענדיג ביי זיך קלאר וואס מיר פיהלען. — אויף דעם טעם באדאַרף מען ערשט וואַרטען נאך דער פעולה, נאך דעם עפעקט נאך, קאנען מיר באשטימען דעם טעם.

דער אין דער לאנגער באַנק ווארטען נאָכ׳ן טעם, איז גורם אנ׳עובר ווערען, דער גאַנצער טעם ווערט בטל; ווייל שפעטער, ווען די פעולה קומט, הייסט עס שוין ניט „די צייט“ נאר „יענע צייט“.





# צו מיין בעל־בית'טע.

געעהרטע פרוי!

איך קאן נישט! טרערען שטיקען מיך. ניין, סאי ליגען! איך מאך נאר דעם אנשטעל. חא־חא־חא! ווי אזוי זאגט איהר אויף דייטש: „זי זינד גאנץ בלעד! ערנסט מעשוגע (משוגע) פאן צופיעל לערנען און שטודירען, הייסט עס ביי איהנען!" — יא, איהר האט גאנץ רעכט, איך מוז עס אייך מודע זיין.

מע' דארף ניט מאכען קיין קארעוואלען, איהר האט גאנץ רעכט! עס הייסט, מע' דארף מיט די אייגענע נעגעל גראבלען, די צויאטערטע און ליידענדיגע נשמה, די שמארצען טיעף אין זיך דארשטיקען, וויינען טאר מען אויך נישט — — —

איבריגענ'ס, איך וויל ניט מיינע ליידען באהענגען מיט שילדערן. איהר האט גאנץ רעכט! ניט ווילענדיג, מוז איך אייך מודע זיין!... איך וועל שוין אין זיך אלעס באגראבען, די קרעכצען און שמארצען פון די אבשטארבענדיגע געפיהלען, וועל איך מיט מיין האנט די

מיילער פארשטאפּען, די געפיהלס־עקזטאזען, זאלען ניט אָנמאכען קיין קאראוואלען, ניט מורמעלן און אָך־זיפצען ארויסגעבען, ווייל מען שטערט אייך. — גאנץ ריכטיג, איהר האט רעכט!

איך בעט אייך, זייט מיר מוחל!
אלעזר ב...

N. B. איך זעה אַ יעדעס מאהל מעהר איין, אז איהר האט רעכט. שוין דאס איינזעהען אז איהר האט רעכט, וועט אייך באוועגען מיר צו פארצייהען, ניט מאכען קיין קאראוואלען. — יא, דאס איז אַ שגעון פון אַ מענשען! — די ליידען זענען שרעקליך. נור, ניין! איך מאך שוין ניט מעהר קיין קאראוואלען!

רוהיג קייקעלט זיך אַ טרער נאך אַ טרער, ווי פערל בלושטשען זיי אין דעם האלב טונקעלעם חדר. ווארעמע טרערען זיך אַ דורכ־געשמוגעלט, פון די צובליטיגטע הארצרייסענדיגע מיט ליידענדיגע נשמה־געפיהלען. נור ניין, איך מאך שוין מעהר ניט קיין קאראוואלען! מיט אַ שטומער טויטשטילקייט. באהאלט איך, די געפערעלטע טרער אין דעם בעכער פון מיינע ליידען.

ששש... איך באד זיך אין דעם שמארץ־שטילקייט פון די טויטע און געפייניגטע געפיהלען. ששש — — געפייניגטע און מיט פארשיידענע אינקוויזיציאנס־כלים, געמאטערטע געפיהלען שטארבען על קדוש־השם. — — — —

חא־חא־חא! ווי קאמעדיאנטיש, שוישפּילעריש איך בין! איך שפּיעל מיין ראל. דא, איז דאך נישט קיין בינע!

זייט מיר מוחל!
דערזעלבער.

— אַיאָ א גאנץ שעהן כתב? נור „גאנץ בלעד!“ —

וויען, דעצעמבער 1916.

# טאמער...

בָּרִי וְשֶׁמָּא שֶׁמָּא עָדִיף...
(על הספק).

מ. י. ברדיצבסקי.

דורך־ארץ׳דיגע חבר׳טע!

איך קאן מיך נישט איינהאלטען, צו פארהילען א מיינונג מכח דעם נומער־ „זיכער״ פון אייערע מחשבות, בפרט אז איך האב פון אייך א רשות, טו איך דאס טאקע מיט גרוים חשק.

ווארום זייט איהר תמיד, איבער אייער משפט׳ען אזוי שטאנט־האפט? מיט יעדער משפט זייט איהר אזוי זיכער און פעסט איבערצייגט, גלייך ווי עס וואלט תורת משה געווען. איהר בויעט סרוב׳ט אייערע איבערצייגטקייטס־טעאריען, אויף א גאנץ שוואכע פאדרואלענע, מחמת דעם טרעפט זיך זעהר אפטע, אז דער בנין „ריסעוועט״ און פאלט שפעטער איין; און א דורכגעהער ווערד דאדורך נכשל, ס׳פאלט אויף איהם דער בנין, און ווערד נהרוג... אז דער מענש איז כאטשע אסיקורירט, איז א קיהלונג פאר׳ן שמארץ... ווי איז אבער דער דין, אז מען איז נישט אסיקורירט אין א לעבענסאנשטאלט? פון איין, אדער אפילו עטליכע, געלינגענע עקספערימענטען, קאן מען נאך נישט נומען א ראיה.

ווי ס׳ווייזט זיך ארוים, האלט איהר זיך פעסט אינים אלטען גמרא־כלל: אז אין א שאלה פון „זיכער און טאמער, איז זיכער מכרי״ע״. און אט דאס טאקע וואונדערט מיך זעהר, דאס איז כמעט די הויפט סיבה, וואס אז גורם אז איהר זאלט זיך אויסבויען, אזא

איבערציינגטקייטס־טעאריע, איינזייטיג קוקען מיר בטבע אויף יעדער ערשיינונג, און מיר משפט'ען גאנץ אביעקטיעוו, פארוואס זאלען מיר נים די זאך סיי אביעקטיעוו, און סיי סוביעקטיעוו באַטראַכטען; און דאמאלם ערשט א קאנסעקוועניץ ארויסציהען? און דאס נישט א זיכערע נייערט א טאָמער׳דיגע.

איך דערמאן זיך אָן די חדר־יאהרען, אז מיר האבען אבגעלערנט אנ'עמוד גמרא, און איהם גוט תופס געוועזען; פארענפערט אלע קשיות, הן גרויסע והן קליינע, אזוי אז מען האט שוין בחוש געזעהען, דאס מיר פאהרען אויף א „קייזער־שטראס..." און מ'איז זיכער אז ס'בלייבט, אזוי ווי דער און דער תנאי — באלט אבער, האט דער רבי געגעבען א מאך מיט'ן גראבען פינגער, און געפרעגט אויף א גמרא ניגון:

— „און „טאמער" פארקעהרט?..." —

דאס הייסט אז אלעס וואס מיר האבען ביז איצט געלערנט, אז אונזער גאנצע פאזעטיוויטעט, ווערד בטל, און אלעס אָט אקעגען דער „קליינער" פראגע: „טאמער".

א חבר האט מיר בשעת אהיימגעהען געזאגט, אז אין דער רגע ווען דער רבי האט געשטעלט די טאמער פראגע; האט זיך ביי איהם אין הארצען געבאמבעלט א תשובה, אז „פערקעהרט. — נו רבי! זיימשע איהר דער ערשטער, און געהט מיט'ן קאפ אראב מיט די פיס ארויף... און שפעטער וועלען מיר דעם ענין איבערקעהרען!..."

איצט שטעלט איך פאר:

דא וואו מען האט אויסגעהערטביידע צדדים, אדער בעסער געזאגט: פארשיידענע צדדים. די פארשיידענע פלוקתאות וואס איין תנאי אמפערט זיך מיט'ן צווייטען מ'באטראכט די פאזעטיווע, און

נעגאטיווע זייט, און ס׳איז פאזיטיוו זיכער, זאגט מען „טאמער, מעגט איהר דאך אוודאי; וואס איהר ברענגט נישט פיר אלע צדדים, בלייבען ביים טאמער?...“

סיי ווי סיי, איז זיך גוט אינים לעבען אָן טאמער צו האלטען, ווייל טאמער איז אני אבסטראקטער באגריף, אהן אני אנהויב און אהן אַ סוף, אני אידיאל פארוועבט מיט רייכע און פיעלפארביגע פאנטאזיעס; פולט אָן אונזער הארץ מיט בטחון, פארזייעט אין אונזער נשמה א דראנג צום לעבען; ס׳איז אני אידיאל אנגעפראפט מיט מונטערקייט און לעבען.

„זיכער“ איז דער ענד פון דעם אידיאל; די באגרענצטע מחשבה, דער באנקראט פונים „טאמער אידיאל...“ „זיכער“ איז — „מגושם“ „טאמער“ איז — א „רחניות“.

לאמיר למשל זיך פארשטעלען, (כאטשע סע איז נישט מעגליך) טאמער וועט „נאך“ טאג נישט זיין — נאכט, נור עפּיס אנדערש, אזעלכס וואס איך האב דאפון קיין שום באגריף נישט; דאָ, האב איך אני אידיאל, איך לעב מיט דעם בטחון, און ווארט ס׳זאל שוין אווענד ווערען; און זעהען דאס עפּיס־אנדערש... איך בין אנגעזאפט מיט לעבען, איך פארגעס די שלעכטע לעבענס־סביבה, און לעב מיט דעם „טאמער־אידיאל“. „טאמער איז נישט אזוי, נייערט עפּיס אנדערש“, איהר פארשטעהט? הא? טאמער... האלט זיך, אין דעם כלל אז „זיכער“ און „טאמער“ איז טאמער מכריע...

אייער חבר

אלעזר.

זלאטשאוו, 19/5. 1914

# צו „טאמער".

**מאטא:**

Die lieb' ich nicht, die bang' ihr Herz ersticken,
Dem Schiksal furchtsam, aus dem Wege gehen:
Mag mir das Leben tausend Nöte schicken,
Ich will ihm unbedingt in's Antlitz sehen.

*Kinkel.*

מיין בריעף „טאָמער", האט ארויסגערופען א ווארמע פאלעמיק, ביי אַייך און אין אייער געזעלשאַפט, צו דער „טאָמערדיגער" קאנקלוזיע איז מען נישט צוגעקומען, — איך וויל אויפדעקען דעם פייער שפייענדיגען בארג פון מחשבות, וואס איהר האט צוגעדעקט מיט א פאר מגושמ'דיגע משלים. איהר האלט דעם ענין ווי געקאנטשעט, איהר האלט אייערע אנאליזען, פאר דער אייזערנע בריק וואס רופט קיין שום ספוק אפער.

מיך האט איהר מבטל געווען כאפרא דארעא, איהר האט מיך געמאכט אויסצודרעהען, זאגענדיג, אז סתם עקשן איז אני אפיקורות. מיינע אויסאיינאנדערזעטצונגען, זענען ביי אייך אין די אויגען נישט מעהר ווי סתם? פארוואס מאכט איהר מיך נישט אויס עקשן? פארוואס זאלט איהר מיך נישט גובר זיין, צו פיהרן די בלאנזענדיגע און זינדיגע נשמה אויפ'ן רעכטען דרך איז א גרויסע מצוה, דער שכר איז זעהר גרויס. איהר זאלט מיר לעבען, ווי קענט איהר צוקוקען ווי אזוי אייער חבר בלאנדזעט, איהר האט דאך אין אייך עפּיס א רחמניות-געפיהל?

איהר, זיך האלטענדיג פאר א בקי אין חכמת־הפרצוף, (פיזיאנאמיע בלע"ז...) האט געזאגט, אז אין מיין בליק איז געלעגען דער אויסדרוק פון איינעם וואס ווייס אז ער איז זיכער און קאן עס נישט ארויס־זאגען, ער מוז דאמאלס אויס פארצווייפלונג שאקלען מיט'ן קאפ און זאגען: אוים רחמנות, ביעדנע מענשעלעך..... נעביך.....

---

איהר הערט? „לא" מיט אני „אלף", ווייל אפשר זייט איהר גאר געגאנגען אין טרעפערליך, אויב אזוי האב איך צו נ'אייך גאר־נישט, אז דער לוח טרעפט נישט?...

---

און פארט קלעהר איך מיר האט איהר א טעות געהאט, ווייל איך האלטענדיג פון טאָמער, זיינען ביי מיר אייערע אנאליזען און מיינע ניט זיכער. איהר האלטענדיג שטאהל און אייזען מיט דער זיכערקייט, זענען אייך אייערע אנאליזען־ זיכער פארגעקומען און מיינע פאלש, מחמת דעם האב איך גיכער אייך געקענט חושד זיין, אז אין אייער בליק ליגט דער אויסדרוק „נעביך" א רחמנות אויף אַ מענש האט זיך איינגערעד. איך וועל אייך א סוד מגלה זיין, איהר קומט מיר פאר פארדעכטיג.

---

די לעבענדיג באגראבענע גענדאנקען, שרייען צו מיר פון די קברים ארויס; אָט וואס זיי שרייען:

„מ'האט אונז לעבענדיגערהייט באַגראבען, דעם מענשענ'ס פסק איז דער בעגרעבער געוועזען, א שטארק געפיהל וואקסט מיט יעדען טאג אין אונזער הארץ, קינה רופט מען דאס... איך האב די שיין־טויט באגראבענע געדאנקען, פון די קברים אויסגעגראבען,

און איצט טוט, מיר שטאַרק הנאה צוקוקען ווי זיי האלטען מלחמה, און אונזער וכוח האט זיך אריינגעכאפט דאס קאנווענציא־נעלע ווארט: Kampf um's Dasein און אט צו כאפען א בליק אין מלחמה פאר עקזיסטענץ אין דער געדאנקען־וועלט, האב איך ברעה אין דעם דאזיגען בריעף.

„עס איז א טאטזאך אז קיין איין מענשליכער קערפער בלייבט קיין איין רגע ניט אין דעם זעלבען צושטאנד, ווי עס איז, נור עס קומט כסדר פאר אנ׳ איבערבייטונג — א וועקסעל אין יעדוועדען טהייל פונ׳ם קערפער, מען אטהמעט איין לופט, און מען אטהמעט אוים לופט; אבער די לופט וואס מען אטהמעט איין, איז אנדערש ווי די, וואס מען אטהמעט אוים. אט דאס הייסט עס איז פארגעקומען אנ׳ איבערבייטונג, אנ׳ אומטויש א שטאפוועקסעל דורך וועלכען אין קערפער איז אריינגעקומען א נייער שטאף, אין אַ פערצערטער שטאף איז ארויסגעוואָרפען געווארען״.*) אט דעם זעלבען וועגע־טאציאנסטריעב מאכט מיט אונזערע געדאנקען־וועלט. אזוי גוט ווי דער שטאף וועקסעל איז א הויפטזאך אין אנ׳ אנבעדינקטע נויט־ווענדיקייט פאר׳ן קערפער, איין אין די זעלבע נויטווענדיקייט פיהלט איך אונזער גייסט.

אונזער קערפער זייענדיג אבהענגיג פון דער נאטור, קאן זיך פון איהר נישט באַפרייען און לעבען א זעלבסטשטענדיג לעבען. דעם וועזענטליכען לעבענס־פארם באַטראכטען הייסט איהם הרג׳ענען. ווייל אונזער קערפער קען אהן דעם שטאף־וועקסעל נישט לעבען. איך ווייס אז איהר קלעהרט ביי זיך אודאי: אדרבא מיר מעגען איינפיהרען אַ גערעגעלטען טויש. מיר וועלען איינגומען אזויפיעל וויעפיעל מיר האבען אויסגעגעבען, אלעם געגוי מיט דער האר:

*) — זעה בערנשטיינ׳ס נאטורוויסענשאפטליכע פאלקסביכער, צווייטער חלק, מ. פרומקינ׳ס איבערזעצונג אין יודישען.

במה דברים אמורים? ווען מיר זאלען די נאטור בעהערשען, ווי איז אבער דער דין אז די נאטור הערט אונז ווי דער פאר א יאהרענדיגער שניי. האלט גאר נישט שטארק מיט דער טאפעלטער בוכהאלטונג. נאך מעהר איך בין אין גרוים ספקות צו זי האלט פון דער איינפאכער...

מיט אונזערע געדאנקען געשעהט אויך דאס נעמליכע.

יעדער אידיאל איז אבהענגיג פון פאַרשיידענע באַדינגונגען, און אזעלכע צופעליגע פלוצלימדיגע שנוים וואס זיי זענען ניט משעובד אונזער געדאנק, נור להיפך, די מניות קענען מיר ניט באזייטיגען, ווייל מיר קאנען זיי קיינמאהל נישט פאראוים זעהען, סיידען מיר זאלען פון זיי געוואויר ווערען דורך די ארום ותמים, איז אבער דער היינטיגער דור רחמנה לצלן איינגעטונקען אין אפי־קורסות איך זאל נישט געשטראפט ווערען פאר די רייד... מען גלויבט גארנישט.

די מניות קומען צו נ׳אונז ס׳רובט אומגערעכט און רעוואל־טיערען דעם גאנצען ביז איצטיגען לעבענס־מהלך פונ׳ם געדאנק. צו זיי זענען אונז אויפגעלעגטע געסט צו ניט? איך דענק דאס מע דארף זיי, סיי זיי זענען גוט, סיי שלעכט, מקבל זיין באהבה, ווייל א געשענקט פערד צעהלט מען נישט די צייהן אין מויל...

אונזער גייסט קאן אויך נישט לעבען אהן דעם מאניגפאל־טיקייט, אוועקרויבען ביי איהם דאס דאזיגע, הייסט איהם דעם טויט — פסק באשטימען.

לעבען איז דאס כסדר בייטענדיגע, דאס פארשיידענע, דאס גרענעצען פארמירען, מעסטען, פונקטירען, זענען די גסיסה מאמענטען אין לעבען.

טויט זיין הייסט באקומען א פארם, יעדע פארמירטע זאך איז טויט, דער מהות גרונד־געדאנק פון יעדען לעבענדיגען מענשען, ווערט מען געוואויר נאך זיין טויט, בשעת לעבען ווענען מיר איהם קיינמאהל ניט געפונען, ווייל אונזער געדאנקענגאנג איז נישט קיין איינגעהאלטענער. — ער בייט זיך מיט יעדער רגע.

---

„דער סאציאליזם לעבט, דערפאר איז אונמעגליך איהם אין א טרוקען פארמעל צוזאמען צו דריקען, וואלט ער טויט געוועזען, וואלטען מיר זיין אינהאַלט מיט א גלייכען זאך מפורש געוועזען".*)

דער וועזענטליכער ציוניזם איז שוין גארנישט, דער פאר־ווירקליכטער סאציאליזם איז אויס אידיאל, עס איז דאס — וואס ביי אייך הייסט — דאס געבענקטע לעבען, ביי מיר: דער בעקומענער טויט; עס איז דער גוף אהן דער נשמה... ס'איז ציוניזם אהן לעבען... ס'איז אני' אידיאל, אהן א נשמה און לעבען, און אהן א שטרעבען, קען מען ניט לעבען...

איהר פארלייקענט נישט איהר זייט מודה אז דער געפיהל פאַרמאגט אין זיך א גרעסערען כח, און א ברייטערען האריזאנט אין אייער געדאנקען־וועלט. איך פרעג ביי אייך: נאך וואס זאלט איהר אייך שרעקען פאר דער גרויסקייט וואס איהר פארמאגט, וואס קוועטשט איהר אייער ליידענשאפט, וואס האט איהר מורא פאר אייער געפיהל, צו וואס דרוקען און פארמירען? דאס געפיהל, איז העכער פון פארם.

זלאטשאוו, אויגוסט 1915.

---

*) Was ist Sozialismus, von G. Hildebrand: „Die Tat".

— — — — — — איך האב ניט איינמאהל געזאגט אייער חבר'טע, אז אויפשרייבענדיג מיינע געדאנקען אויפ'ן פאפיער, פיהל איך מיך לייכטער. איך פיהל אז איך האב אראבגעווארפען פון זיך אַשווערע משא, איך פיהל אז ס'ווערט מיר גראמער אין מח, איך באקום פלאץ אויפצונעמען נייע מחשבות, „איין מחשבה מאכט גראם דער צווייטער". איהר זעהט, איך בין אַ גרויסער מערדער, מיט גרויס תאוה הרג'ע איך געדאנקען, און באגראָב זיי דוקא כדת משה וישראל. איך שטעל זיי א מצבה מיט דעם וואס איך שרייב זיי אויפ'ן פאפיער.

די געדאנקען־וועלט... כאפט דעם אנבליק צו דער ממשות'דיגער וועלט. דער געדאנק מאכט מיט דעם זעלבען אַנטוויקלונגס־פראצעס ווי יעדווועדיגער בשר ודם. קודם־כל קומט די געבורט, איז ער שוואך און בלאס. שפעטער ווערט ער אין מח גענערט פון פארשיידענע אנדערע געדאנקען, הערט זיך איין צו די פארשיידענע לעבענס עפיזאדען; וואס די אלטע „קרוב־למיתה" געדאנקען ער־צעהלען, זויגט זיי איין אין זיך, דאס קראפטיגט, און גיט איהם איין כח און וואקסט יעדעס מאהל שטארקער און אויסגעשליפענער, ראפינירטער, און צייטיגער מיט א גאנץ ניי און אייגענע לעבענס־טעאריע, וואס האט זיך אליין אויסגעבויט, א דאנק די פארשיידענע עפיזאדען וואס האט זיך אין זיין יוגענד איינגעהערט. און שפעטער ווערט ער אלע מאהל שוואכער, ווייל ער באגעגענט זיך מיט שטארקערע, וואס האבען זיינע חסרונות פארבעסערט. די טעאריע געהט ארוים פונ'ם לעבענס־וועג, גוס'ט און שטארבט אָב.

די אויפגאבע פונ׳ם קינסטלער דארף זיין: „הרג׳ענען דעם געדאנק אין דער ריכטיגער צייט — זיך אויסקענען אויף זיינע אנטוויקלונגס־שטאדיען צו וויסען „ווען״ ער איז צייטיג, ניט צו יונג און ניט צו אלט״.

דער קינסטלער איז א געדאנקען־מערדער, ער כאפט איין אנבליק צום שוחט. דער שוחט קוילעט הענער און בהמות, דער קינסטלער קוילעט פריש־לעבענדיגע, און צאַפעלדיגע געדאנקען.

ס׳זענען פארהאן אפילו א טייל די „געלייטזועליגטע״ וואס האבען א זכיה צו הערען דאס קוויטשען, ליארמען, גסיסה און צער פון אט די געקוילעטע געדאנקען (זיי האבען זיך געגרונדעט א חברה: „צער בעלי חיים...״) און ווייל זיי האבען אין זיך אזא איידלע נשמה, און אזוי ווייך בטבע, ריידען זיי איין (דעם געדאנק) תחית־המתים... א סאציאלע שטאַט... עולם הבא... וכדומה...

ביי אונז רופט מען זיי געווערהנליך „נירוואנא קאנדידאטען...״ דארט האלט מען זיי גארנישט פאר אזעלכע פעסימיסטען! ס׳געפונען זיך בתוכם לעבעדיגע און פרעהליכע, וואס געניסען פונ׳ם לעבען, באזינגען די שעהנקייט פון דער נאטור.

מיר דארפען זיך וואס מעהר אינ׳ם געדאנק פארטיעפען זיך אין איהם איינלעבען, ווייל ער איבט אויף אונז אויס אַ שטארקען איינפלוס. ער שטעלט אונז אויף די פיס, ער איז ווי דער דישעל ביים וואגען.

ווי אזוי די געדאנקען לעבען זיך אין זייער וועלט, זייערע דינים, מנהגים, מדות, זייער פארהאלטען זיך לגבי דער נאטור, איז שווער צו וויסען.

ביים קינסטלער דארפען זיך די געדאנקען פרוכטפערען, און מעהרען ווי דאס זאמד פונ׳ם ים.

דער קינסטלער איז זעהר רייך אין געדאנקען, ער איז ס'רובכט מפול.....

---

און ווען ס'עסט זיך אונז שוין איין דאס לעבען מיט אלע נארישקייטען, די פאסטעמפקעס פונ'ם סדר־העולם באפאלט אונז א מרה שחורה, איך ראנגעל זיך מיט כוואליעס פון שמארץ, ס'קומט דער חשבון־הנפש, איך פארקריך אין פוסטע אלעען, ביז איך קום צום בית־עולם פון מיינע געדאנקען, איך שטעל זיי אויף א יאהר־צייט — א יאהרצייט ליכט פאר מיינע פארשטארבענע געדאנקען, איך דערמאן זיך אין זייערע מעשים, איך רעכען אוים זייערע מעלות — — — — — — — אויך אייך האב איך איינמאהל דארט בעגעגענט. איהר זענט פארטיעפט געווען אין איבערליינען א שער פון א „געדאנקען־מצבה..." פה נקברה המחשבה... מיט אני' אראבגעלאזענעם קאפ זייט איהר געשטאנען ביי דער מצבה, איך האב געזעהען זי האט אויף אייך געווירקט.

איצט צוריקקומענדיג פון א לויה, פון פריש באגראבענע געדאנקען, שטעל איך זיי אויף א יאהרצייט, איך טרונק א גלעזעל משקה צום זכר פון די טויטע געדאנקען. „לחיים" גיבט מיר לחיים, איך האב די כמארעס פארטרייבען, איך בין פרעהליך, ס'ווערד מיר גראמער, נייע געדאנקען ווערען געבוירען, ס'זעצט מיר די „פינע" פאר שמחה, איך דערכי געמיטליך אב אַאַאַאַ, וואס ניין? משוגע, — זאל זיין אזוי. —

— — — — — — — איהר הערט? — — — — — — —

זלאטשאוו, דעצעמבער 1916

---

חבר!

אין אייער בריעף, שרייבט איהר: „מענשען פארלאנגען פון אונז שטויב, זיי רופען דאס מאניערען, טיילמאהל טוט אייך אַ הנאה זיך אין דעם שפיעל, זיך משתתף צו זיין, דעמאלט זייד איהר א קינד מיט אלע גלייך, דאס רוב אבער, (נישט ריכטיג, ווי איהר שרייבט מאנכעס מאהל) נומט איהר דאס ערנסטער, דעמאלט שפיעלט איהר זיך, ווי אן ערוואקסענער מיט קינדער. אוים רחמנות! זאלען זיך קינדער שפיעלען! קינדער מוזען זיך שפיעלען! —

די הנהה נויטיגט מיך אייך אבצעווענדען, וואס הייסט אייגענטליך: „איהר נומט דאס ערנסטער?" ביי אַ קינדער־שפיעל, איז ניט פארהאן קיין ערנסט. אַ קליינער משל: קינדער שפיעלען זיך אין שולען, מ'מאכט לעהרער'ס מ'לערנט מכלומרש'ט אהן אַ ציעל, גלאט זיך צו שפיעלען, — ווי זאגט איהר: מ'איז דאך פארט קינדער, עס איז אן אידיאל אהן א פארוואס, און אהן א פארווען. אויפ'ן רעכטען אמת, אמת נאך אייך נאך: קינדער נומען זיך צו א לעהרער, זיי צאהלען איהם, זיי ווילען אז ער זאל זיי לערנען, זיי זענען עפּיס אויסען, עס איז דאָ אַ תכלית. דאס איז שוין ניט קיין שפיעל, דא ווערען די טאַטען באטראכט פאר ממשות'דיגע, דער ערנסט, הויבט

זיך אָן ביים תכלית, יעדעם פון די קינדער איז אויסען זיך צו פאר־ווערטען, זיי זעהען ביי מיר אויס ווי קינדער וואס זענען אריין אינים טאטענ׳ס שטיוועל. איך קאָן דאס ניט ליידען, עס ליגט אויף זיי ווי לעפיש. דער ערנסט הויבט זיך אָן דארט, וואו דער שפּיעל לאָזט זיך אויס.

עס פארשטעהט זיך שוין במילא, אז קינדער איז „דער זעלבסט־ערהאלטונגסטריעב לגמרי פרעמדע", אייער שאלה: „צו קען דען אַ קינד אנדערש זיין" — ווערט דארטרונקען אין די אנאליזען פון דעם דאזיגען בריעף. להיפך, אַ קינד מוז אנדערש זיין; אַ קינד מוז זיך שפּיעלען, אבער עס דארף קיינמאהל נישט פארזארגען קיין תכלתים; אַ קינד שפּיעלט זיך צוליעב — שפּיעלען.

איהר ווייסט נישט ווי ביי מיר, זאג איך אייך, איך בין אַ קינד, וואס אַ קינד הייסט. צום אומגליק בין איך געבוירען געוואָרען אין אַזאַ שלעכטער שעה, דוקא ווען איהר ערוואקסענע שפּיעלט זיך מיט אונז קינדער, איהר האט אויף אונז רחמנות. זיי זענען דאך פארט נעביך בידנע קינדער אייער רחמנות ריהרט אפילו מיין פּיעטע ניט אן, איהר, — ווען איך זאג איהר — מוז איך אייך גופא ניט האבען אויף דער מחשבה, איך מיין נור דעם קהל־שטיבעל אין וועלכען איהר קהלי׳ט אייך, אייך ווי צוגעטראפען; ווייל איהר זענט נישט איהר, איהר גופא האק און פאק, ווי איהר שטעהט און געהט, האט אלס יחיד קיין שום ווערט ניט, ווייל איהר זענט נור אַ קיים פון דעם גרויסען גוף, וואס ווערט אנגערופען: ערוואקסענע!

אט די ערוואקסענע, צו וועלכע איהר סמאטשקעט אייך אזוי צו, און ווארפט אין איין וועג׳ס רחמנות־בליקען צו מיר קינד, מיט מיינע קינדער־שפּיעלען, זענען די ריגלען וואס האמעווען די ברוי־זענדע כוואליעס פון מיין קינדער־שפּיעל.

איהר זייט דאך די טרעגער פון דעם תכלית, איהר די ערוואקסענע, צוויי־פּנים׳דיגע מיט רחמנות־בליקען צו מיר קינד, און מיט׳ן הארץ צו די ערוואקסענע. נוֹיט מיך מיט געוואלט איך זאל אויפהערען צו זיין קינד, מיט דעם וואס איהר צווינגט מיך, איך זאל מאכען אן עק צום קינדער־שפּיעל, הרג׳ט איהר שוין במילא דאס קינד. איהר זאגט דאך אליין, אז: „אַ קינד, אהן קינדער־שפּיעל, קאן ניט געמאלט זיין". איהר פארענפערט אייך פאר דער וועלט, אז עס איז קיין מת ניט, רק מעהר ניט, ווי אַ קינדער־שפּיעל.

ווי עס זעהט זיך ארוים, איז מיר שוין פון אנהויב אן אייך אויף אַ יעדען טריט סותר צו זיין, דער ענין, איז צופיעל מיך נוגע אז איך זאל איהם תיכף ארונטערוואַרפען אונטער די קוליזען, עס איז דער געליבטעסטער טעמא מיינער. זייט וויסען אז איך בין אַ קיזעלשטיין, וואס לאזט זיך טיילמאהל קייקלען פון וועמען עס איז, אבער, איך קאן ניט פון וועמען עס איז צובראכען ווערען.

אז איהר טרעפט שוין אַ חבר נאך אוּא לאנגען זוכען, ווי איהר שרייבט, פאלט דער אונטערשיעד צווישען אייך ביידע אוועק. אז ער רעדט, דוכט זיך אייך, אז איהר זענט עס, און אז איהר רעדט, דוכט זיך איהם אז ער איז עס!

להיפך, וואס מעהר ער איז חודש׳ליכער, מאדנער, משונה׳דיגער און אומפארשטענדליך, הן אין מדות־טובות והן אין מדות־רעות, אלס שטארקער ווערד ביי מיר די תאוה זיך מיט איהם צו פארקניפּען, ער ווערע דאס העכסטע אידיאל ביי מיר. ביי מיר איז פארהאן נור איין שטרעבען: אליץ נעהנטער און נעהנטער. אז ער רעדט, וויל איך נישט, — ווי איהר זאגט — מיך געפונען, נור להיפך איהם געפונען, ער, דער פארשוין גופא וואס כאפּט איין אנבליק צו מיר, דעם וויל איך ניט קאנען, ווייל דער איז מיר שוין לאנג באקאנט.

איך זעה דאך איהם אין מיר. איך וויל נור פון איהם דאס חודש־ליכע דאס וואס איז פאר מיר פרעמד, געוואויער ווערען. קאן איך איהם שוין, באקומט ער אן אנדער פנים. אַ פנים וואס ווערט מיט אַ יעדען טאג מיינ'ם גלייכען. עס שטארבט ביי מיר די נייגירדע, ער הערט מיך שוין אויף צו פאראינטערעסירען; איך רעכען זיך שוין מיט איהם נישט.

נאך וואס טויג דער „שיר־המעלות" און „מליצה־שפּראַך" צו ווערטער, וואס זענען נישט מעהר ווי א ליגען, דאס ליעד וואלט שענער געקלינגען, ווען איהר זינגט עס אייערע געפיהלען, עס איז נישט מעהר ווי אַ פוסטער לוקסוס. איהר זאגט: „איהר פארוואָרפט געפיהלע, וואס זיי זענען ווייניג וואס אויסגעהאלטען", איך פרעג ביי אייך: קען מען אַ געפיהל אויסהאלטען? איהר מוזט אודאי אייערע געפיהלען אויסהאלטען פאר אַ יקרות? אַ געפיהל, איז דאך נישט מעהר ווי אַ מאמענט־שטימונג. דער קינדער־שפּיעל, האט אויך נישט מעהר ווי אַ מאמענט־באדייטונג. איהר זענט דאך מודה, אז די ווערטער זענען נור קאריקאטורען פון אייערע געפיהלען.

אייער הנחה, אז די מענשליכע מאניערעס זענען נישט מעהר ווי אַ קינדער־שפּיעל, האט זיך אויסגעגלוטשעט אין דעם גלוטשטייך פון דעם דאזיגען בריעף. די מענשליכע־מאניערעס זענען נישט קיין קינדער־שפּיעל, דאפאר ווייל זיי זענען עפּיס אויסען, אַ קינדער־שפּיעל, איז גארנישט אויסען.

איך וואלט ביי אייך געפרעגט צעוואס געוועלטיגט דער ערנסט, זאל בעסער דער קאטאוועס (דער קינדער־שפּיעל) געוועל־טיגען? איהר אבער, זייענדיג א יוד, ענטפערט מיר מיין שאלה, מיט אַ שאלה; וואסזשע איז, אז ערנסט געוועלטיגט? אז ערנסט

געוועלטיגט, הייסט אז צוועק געוועלטיגט. און צוועק הייסט: ענד! און ענד פון א זאך הייסט טויט פון דער זאך. קינדער־שפיעל, האט ניט קיין צוועק. איינ'ם קאן איך איך יא מבטוח זיין: אז אזא שאדען .וואס דער ערנסט ברענגט, וועט דער קינדער־שפיעל קיינמאהל נישט ברענגען.

אלעזר בערנשטיין.*)

זלאטשאוו, 28/6. 1916

*) איך האב מיין נאמען אונטערגעשטראכען, נישט ווי איהר קלעהרט אוודאי ביי זיך, כדי צו דוייזען, אז דאס בין איך. איך האב זיך אונטערגעשטראכען בכדי צו ווייזען, אז דאס בין איך ניט... אז איך בין, ניט דער מיט וועלכען איהר רעד. — דער שטראך איז די מחיצה, וואס טיילט אב דעם וואס שרייבט, און דעם וואס רעדט!

## פרל. ק...!

אנצייגענדער טיטול (קאפ) פונ'ם בריוועל — כנהוג, וואס דען? איהר זאלט מיר געזונד און שטארק זיין, זאגט מיר, וואס טוען עפּיס די יונגע בערגלאך וואס רונגלען ארום אייער וואוינונג און קוקען אזוי אינדיפּארענט אראב אין דעם ווערענדיגען קולטור־וועלטעל. און טיילמאהל קאנט איהר דאך ניט זיך פון זיי אבווענדען, איהר וואַרפט זיי צו אן איילענדיגען בליק, נור עט, פּאסיאן בנאמנות!

איהר, זעהט נור, וואס זאג איך? היינט איז גארניט מאדערן צו זעהן, איך מיין דאס ריכטיגע זעהן מיט הארץ, אויגען נשמה, זיך זעהען, ווי איז דאס מעגליך? די בריל פון דער פינפטויזענד־יאהריגער פארגאנגענהייט, שווינדעלט מיר פאר די אויגען, מיינע אויגען קענען ניט דעם שטויב פארטראגען, איינגעשמירט האבען זיך מיינע מחשבות, אין דעם פּראך פון דער אלטער פארגאנגענהייט, איך האב מורא, עס זאל ניט ווערען קיין אונוואשבארער פלעק, איך דארף האבען פון די יונגע און פרישע נומערען, פון דער י ע צ ט י ג ע ר צייט, וואס זאל אלעם אין זיך אבשפּיגלען, ניט גרעסער אדער קלענער, און אפשר בין איך גארניט קורצזיכטיג, און קאן זיך לייכט אהן דער בריל באגעהן.....

איהר זענט שטארק פארנומען מיט מארגען, אז איהר פארגעסט דעם היינט. דאס היינטיגע לעבען און טרייבען, די ערד אונטער אייך, דעם יסוד. איך בין צופיעל שטארק באשעפטיגט מיט'ן היינט,

אז איך פארגעס אינ'ם מארגען, ווערזשע איז אַ גרעסערער רעאַליסט, נים איך? איך וואס לעב מיט דער געגענוואַרט, צו איהר וואס איהר לעבט מיט דעם עתיד? מודה זיין מוז איך, אז איהר מיט אייער וועלט, זענען שעהנער פאר מיינער. איהר לעבט אייך דארט באקוועמער, איהר באצויבערט מיך אפילו טיילמאהל דורך דעם רייץ און שיינ־קייט וואס איך קוק אריין דורך אן ענטבלויזטען שפאלט. איהר זעטיגט אייך מיט טרוימען, וואס זענען געשאפען געווארען דורך אַ מאמענט, און אויף דעם מאמענט בויעט איהר, אייער גאנצען עתיד. אזא רייכע וועלט, אויף אזא דינעם פאדעם וואס קען פון אַ ווילדען ווינטעל ווערען אבגעריסען.

איך האב געמאכט יד־אחד מיט'ן לעבען, מיט דעם נאקעטען און אומפארשטענדליכען היינט; מיט דעם שמשון־הגבור וואס ער איז בכח גאנצע וועלטען צו צושטערען, מיט איין בלאז פון זיינע נאזלעכער מאכט ער אַ תל אוים אייערע פעסטע ציעלע, די שפייכלערים וועלכע האבען גענעהרט אייער גאנץ שטאנטהאפטיקייט. דער היינט וואס זעהט אזוי פשוט אוים אין אייערע אויגען איז געווארען מיין לעבענס־באגלייטער. אט דאס איז מיין לעגיטימאציע!

ווי גיט עס זאל אייך דארט ניט זיין אין אייער טרוימען־וועלט, וואס איהר האלט אייך אין איין שפינען, דער אריסטאקראטישער לוקסוס אין וועלכען איהר לאזט אייערע זינען ארייגפיהרען, איז פארט ניט בכח אייך אינגאנצען צו זאטיגען. עס לאנגווייילט אייך פאַרט, איהר זוכט אַ צערשטרייאונג, מיט'ן שעהנעם און פיעלפאר־ביגען עתיד, קאנט איהר אייך ניט באגעניגען, און ביי וועמען זוכט איהר אַ צושטרייאונג אז ניט ביי מיר? ביים לעבעדיגען היינט, וואס איהר האט כסדר אן אנטיפאטישען בליק געווארפען און שטענדיג פאראכטעט! דער רייץ פון דעם אויסגעלאסענעם היינט, פאנגט

אייער׳רייגע נשמה. עס איז אייך אונהיימליך, וואס איהר מוזט מיר בשעת־הרחק שענקען אַ באזוך. איהר ציטערט מיט אייער גאנצען הארצען, ווי אויף שפּילקעס, פאררוויילט איהר אין מיר שמוציגען לעבען.

חבר׳טע! איך האב מיט׳ן היינט אבגעמאכט, אז דאס לעבען וועט מיר איהרע סודות אנטפּלעקען, און איך איהר — מיינע. אדער: מיר וועלען זיך ניט ווייזען אונזערע געהיימניסע. מיר בלייבען גוטע ברודער, און צוטיילען זיך מיט אלעס, וואס געפונט זיך אויף אונזער מדבר׳דיגען ציעללויזען שליאך.

דעם לאנגען בית־עולם וואס דער היינט לאזט נאך זיך איבער פארשטעל איך מיט דעם רווישיגען לעבען, וואס ווארפט זיך מיר אקעגען, די וואונשען פון דעם היינט, פארדעקט די טונקעלע נאכט. —

נו! ווי געפעלט אייך מיין שותף? עס איז מיר ניט אזוי לייכט אנגעקומען, איהר מעגט אייך לאכען, און חוזק מאכען „לויפער׳ס, פוסטעפּאסניקעס“, היינט און איך זענען ביי אייך מעהר נישט, ווי אפשר, פוסטע נולען! איך אבער זאג אייך, אז דער היינט איז אזוי רייך אז איהר זענט איהם ניט בכח לעבעדיגעהייט תופס צו זיין, דער פרעכער און ווילדער פריינד היינט, ווירקט אויף אייך אינדירעקט, ווי שטארק איהר זאלט איהם ניט ווייכען.

דאס איז שוין דער צווייטער בריוועל, דעם ערשטען האב איך אייך נישט געשיקט, איך שרייב דאך מיר צוליעב, ניט אייך צוליעב, פונקט ווי די מענשען מיינען אונזער טובה און ניט זייער אייגענע...

א. ב.

וויען, 15/4. 1917

## (פון א בריעף).

— — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — מיר גארטען צו וויסען איינער פונ׳ם צווייטען בלויז דאס טוענדיגע, דאס באוועגענדע, דאס גייסטיג־פיזישע, דאס פאר וועלכען די אייגענטימער אליין האבען ניט קיין אינטערעס, דאס אין וועלכען די בעלי־בתים אליין פיהלען זיך ניט היימליך. זיי באטראכטען עס פאר אויסגעבארגט, און אָט דאס אויסגעבארגטע, היטען זיי ווי אנ׳אויג אינ׳ם קאָפּ. אפשר דאפאר ווייל זיי דענקען זיך, אז זיי וועלען עס ווענ׳ם דארפען אבגעבען?

אלע אונזערע געזעלשאפטליכע שילדלעך פון קלייטען (און די קלייטען גופא, איז חושך) זיינען בלויז אויסגעבארגט. און ווייל ס׳איז ניט אונזערס, מחמת דעם זיינען מיר דאמיט אזוי שטארק אויסברענגעריש, מיר טראכטען זיך, ס׳איז דאך סיי־ווי־סיי ניט אונזערס — צו וואָס זשאַלעווען?





# נישט געשיקטע בריעף צו׳נ׳א מיידעל.

## צווייטער בריעף.

. . . אווענדי׳ס! ביי אייך אין שטובעל איז דאס געוועזען, א נאכט, ס׳איז נישט קיין חילוק וואס פארא, א דאטע איז ניט נויטיג ס׳איז אנ׳ אומזיסטיגע טרחה, אין שטובעל איז מיר שוין יעדער חפץ באַקאַנט; זיי האבען מיט מיר טאקע א קרובה׳שאפט... אויפ׳ן טישעל שטעהט זיך א גלאז־לייכטער, אודאי א מציאה׳ילע ערגיץ געקויפט, אבגענארט דעם סוחר... גאר ניט דאס בין איך אויסען...

גאר וויניג, האבען מיר געשמועסט, דאס ריידען איז כמעט ווי אבגעשטארבען, דעם פלאץ האט פארנומען א וויכטיגער חוש, „דאס פיהלען“. איך האב געפיהלט אז איך טובל זיך, אין א ים פון „פיהלען“ ווערענדיג געווארפען פון פארשיידענע כוואליעס, גרויסע, שטארקע . . . מיטלערע . . . און — גאר קליינע... מיין הארץ האט גענאפט דעם אָנבליק צו׳נ׳א גוט באוואקסענעם גארטען, פארפלאנצט מיט פארשיידענע קוויי̃טען און בלומען, און מיר האט זיך אויסגעוויזען, אז די בלומען זענען די פירות פון מיינע געשעהענישען פון לאנג־יאהריגען־פיין און ארבייט — אינים משך פון דער צייט, האבען די בלומען, א גאנץ שעהן אויסזעהען באקומען.

די בלומען, האבען מיר יענע זכרונות ווי לעבעדיג פאר מיינע אויגען פארגעשטעלט. איך שפאציער אין גארטען, נישט מאכענדיג קיין חילוק פון תקיפות, איך פיהל זיך צו זיי אזוי נאהנט. זייענדיג לעבען אייך איז מיר אלעס קלארער און ליכטיגער געווארען, זייענדיג לעבען אייך, איז ביי די בלומען „שנית-צייט“ געווען... איך פלעג ס'רוב'ס אנטשלאפען ווערען פונ'ם בלומען-ריח. אויף אזא אופ'ן בין איך איינגאנצען ווי אָבגעשטארבען, נור דער ריח האט זיך אומגעוויעהיט, איהר האט געשמעקט נישט ווילענדיג, און ס'רוב'ס האט ער אויף אייך געווירקט... איך האב דאס אָן אייך דערקענט.

שטיל איז עס. אזא אחדות שטילקייט... צווישען די שטוב-חפצים, אזוי אז מע' האט יעדע באוועגונג אין שטח דארפיהלט. די ליכטשטראהלען, וואס בויערען זיך דורך א שטעג אינ'ם פינסטערניש פונ'ם חלול, ווערען איינגעשלונגען כּוּ דער פינסטערניש. די שאטענ'ס אויף דער וואנט, ליגען זיך אזוי רוהיג, ווי איינגעשלאפען אין א טיעפען שלאף.

אויפ'ן טיש איז געלעגען, „שלום-עליכם'ס“ „יוסף“ — צוגע-גרייט. איך האב דאס פארגעלייענט, איהר האט זיך מיט אייערע „זוכענדיגע“-אויגען, איינגעהערט, צו יעדעןווארט, אפילו צו דער מימיק, וואס איך האב בשעת פארלייענען באנוצט.

איך געדענק: אז איהר האט אייך אויפגעהויבען, זייענדיג פארנומען מיט מחשבות, איך האב געזעהען אז איהר ווילט מיר עפּיס זאגען, אפאר מאל האט איהר מיט די ליפּען באוואויגען, וואו צום ריידען, און צוריק פארשלאסען.

איהר האט געפרובט אייער קאפּ אראבלאזען, און שפּעטער, נאך א לאנגער אינערליכער מלחמה, האט איהר אויסגערופען:

— „שלום" — אזוי פארוויערט.

— „יא־וואס?!" — האב איך, אויף מיין שטייגער געענטפערט, ווילענדיג דערגעהען, דעם פירוש פון דעם ווארט, וואס האט אייך צוג'א זאַ גרויסען אינערליכען, ווירוואר געבראכט.

— „איהר ווייסט, דאס יוסף'ין האב איך ליעב... יא! ער האט פונקט אזא שווארץ העמד ווי איהר געטראגען, פונקט אזעלכע לאנגע צעווארפענע פעלעכעס... און דער נאמען איז אזוי ריטמיש ווי יענער... איך בין דארין גאנץ זיכער!"

און שפעטער, צוזאמענשניערענדיג די ליפען, האט איהר אייך אין אזא צניעדיג בושה'דיג־קול, אזא פלאנטעוואטע פארענדערונג געגעבען, „איך מיין . . . יוסף'ין . . . . איהר! וואס בליקט איהר עפיס אזוי, ווי פייכט אייערע אויגען זענען, וואס שטעהט איהר ווי א ליימינער־ גולם... האַ?! איהר זייט עפיס אנגעכמורעט, וואס?! וואס איז? וואס פעהלט אייך, שלום, זאגט, איך בעט אייך — — איהר זעהט אויס . . . ווי . . . . — — — —

— „דער קאפ טוט מיר וועה", האב איך געענטפערט, און אינערליך זיך באריהמענדיג, וואס ס'איז מיר געלונגען, אייך אזא „גוטע" תשובה צו געבען.

— „שלום" — האט איהר שפעטער געזאגט — מיר האבען געשמועסט, און איך האב אייך מבטיח געוועזען, אונז אין כח צו פראביערען, לאמיר זעהען, ווער ס'איז שטארקער, איהר האלט דאך אונז פאר שוואכע באשעפענישען... — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

— „א יא איך האב אייך מנצח געוועזען? איהר זייט געפאלען ווי א שטרוי, אונטער די הענט פונ'ם שניטער..."

— „איהר זייט טאקע באמת, זעהר קראפטיג — האב איך זיך געפרובט פארטיידיגען".

— איך האב געוואוסט, אייער פנים האט מיר געזאגט... איך האב צו נ'אייך קיין גבורה נישט באנוצט... איהר זעהט מיר בכלל גאנץ אנדערש אויס... א פנים פון א קראנקען... אַהא איך ווייס — — — ...

איך האב זיך נישט געקענט אויף די פיס האלטען, איך בין טאַקע אין איילעניש אנטלאפען. ווען נישט וואלט מיר אויסגעקומען וויינען, פאר אייערע אויגען, קיין באהעלטעניש איז פאר אייך נישט פארהאן, איהר האט מיר נאכגעשריעגען, פעסט!

צום צווייטען טאג, מ'טאג'ס־צייט, האט איהר מיך פונ'ם „שאפ" ארויסגערופען, איהר האט מיין האנט פעסט נעדרוקט:

— שלום! איהר וועט דאך היינט קומען, איך וועל אייך עפּיס פערצעהלען — אַיא איהר וועט קומען?...

איך בין טאַקע געקומען, אייער'ס א קוק וואלט שוין געניג געוועזען מיך צו צווינגען. איך זאל קומען.

א זייגער צעהן אווענד'ס נאכ'ן שוהל־אונטעריכט, בין איך געקומען, איהר האט מיך ערוואַרט, א ראיה, אַז איך בין צוגעקומען צו דער טהיר, האט איהר בחפזון געזאגט:

— שלום! קומט אריין —

איהר האט אייך טאקע תיכף גענומען צום דבור. די ווערטער זיינען ווי פון אזעהר אנגעשטאפּטער, ענגער כלה ארויסגעקומען. מ'האט געזעהען אז יעדער וואָרט, מאכט גראַמער און לויזער דעם צווייטען, ס'רובט האלבע ווערטער...

איהר ווייסט ווארום איך האב אייך די האנט — געדרוקט?
איך האב א חלום געחלומט... איך שעם זיך איהם פארצוחזר'ן, איהר וועט נישט בייז זיין?... איהר האט דאך ליעב תמיד, פון אייך גופא צו הערען. וועט איהר זעהען אויב ס'הארמאניערט מיט אייער איך... ס'האט זיך מיר געחלומט איך שעם זיך...

איך וועל...

ס'האט זיך מיר געחלומט, דאס איהר זענט פאר מיינע אויגען דורך הונגער אויסגעגאנגען. איהר האט אפילו נעכטען געבעטען איך זאל אייך 25 סענט בארגען, און נישט האבענדיג, האב איך געוואלט צו מיינ'ס א חבר'טע געהען לייהען, איהר אבער, האט מיר דעם וועג פארשטעלט, איהר געדענקט?

די צעווארפענע שווארצע פעלעכעס, האבען זיך אראבגעלאזט פון אייער קאפ, און האבען פארשיידענע טהיילען פון אייער שטערען צוגעדעקט. אייערע אויגען זיינען גרעסער געווארען, דאס שווארצע אפעל איז אזוי ווילד ארומגעשוואומען, אויף אייערע בלאס-געלע באקען, האט זיך איינגעגראבען א קנייטש, דערצעהלענדיג פון אייער עלענד. איהר האט אלע מאהל אייערע טרוקענע ליפען מיט דער צונג בענעצט. אייער שווארץ העמד, האט צוגעגעבען אייער פנים א באזונדערע מעלאנכאלישע צורה. די נישט פארקנעפעלטע ארבעל ביי די מאנקעטען, האבען זיך נאכגעשלעפט ווי צווייטען פון אייער ארבעל אפער. בסך-הכל, האט איהר מילד אויסגעזעהען. אייער פנים האט די ליידען אין זיך טיעף פארבארגען, בכלל האט איהר אויסגעזעהען לאכענדיג. א לאך וועלכער לאזט נאך זיך איבער א שמארץ.....

איך בין מיר אויפ'ן בענקעל געזעסען, און איהר זייט נעבען מיר די „הארענטע" פאר הונגער אויסגעגאנגען, איהר האט מיר אין

יענער רגע אויסגעוויזען, ווי מען האט א לעמפארט אין א שטייג אריינגעזעצט, און איהם געלאזט הונגערען... איך זעה, ווי ער פיהרט א מלחמה מיט דעם טויט. איך זעה ווי ער שטרעקט יעדע רגע אוים זיינע נעגעל, דורך די אייזערנע גראטעס. איך זעה ווי ער נוממ צענויף אלע זיינע כחות, כדי דעם לעצטען „אך־קרעכץ" ארויסצוגעבען, און — איז א ניערערגעפאלען — — — —.

---

. . . און דאס האט זיך מיר געחלומט? ניין! ס'איז א ליגען... איהר הערט! דאס איז א ליגען, ס'האט זיך מיר נישט געחלומ'ט. איהר כאַפּט איין אנבליק צום חלום. יא פונקט ווי נעכטען, יא אזוי האב איך אייך נעכטען געזעהען, ס'איז ביי מיר קיין שום ספק נישט... אַיאָ איהר זענט אנטלאפען... איך האב אייך געוואלט פרעגען... איהר האט מורא געהאט פאר מיינע שאלות... איהר האט געוואלט וויינען... איהר האט די טרערען אין זיך פארשטיקט... דער בעשלום „מיר" זיי „נישט" צו ווייזען, איז געוועזען שטארקער, פון מיין רופען... און אפשר פון מיין גאנצען וועזען... מיט אזא פעסטען בעשלום, זייט איהר אנטלאפען...

נעכטען בין איך געוויאויר געווארען אז איהר זייט א קאפאַלע שטארק... איהר האט מיר נישט געוואלט ווייזען דאס שוואכע... איך האב מיך איבערצייגט, אז מיט מיר בענוצט איהר זיך נור מיט'ן שטארקען... דאס שוואכע איז פאר מיר א סוד... איך האב אייך נאך קיינמאהל נישט געזעהען אזוי גרוים און פולשטענדיג ווי אין „יענער" נאכט... איך האב אייך גערופען... איך האב געוואלט זעהען ווי איהר ווייגט — — — — — — איך האב געוואלט „ביידע" דעם שוואכען אויך... איך האב דעם סוד, וועלכען איהר האט

ברעה געהאט פאר מיר צו פארבארגען, דוקא געוואלט זעהען...
איך האב איהם ליעב. ווארום האט איהר מורא געהאט פאר מיר?
ווארום זייט איהר עפּיס אזוי סודות׳דיג, עפּיס אנדערש׳דיג?...

א תשובה, האב איך אייך נישט געוואוסט צו געבען, איך האב אייער האנט מיט א קוש מכבד געוועזען... איהר האט אייער קאפּ אראבגעלאזען, אייערע באקען, האבען זיך רויזיג־רויט געמ׳נעט אייערע ליפּען זיינען פעסט צונויפגעשנוערט געוועזען, איהר זענט דאמאלס זעהר שוואך געוועזען... איך ווייס — — ? — אפשר פון דער לאנגער דרשה?

---

האלב נאך איינס, האט דער זייגער געשלאגען, אלעס לויפט איילט זיך, האט קיין צייט נישט, אייערע שאטענ׳ס שפּרונגען, איך געה, פאטעלעך געלאסען — — — ווער ווייסט ביז וואנען?

— „א גוטע נאכט! —"

איך האב נור דאס ווידער־קול, דורך דער צווייטער זייט טריר געהערט, אזוי זיס, פול מיט בענקען — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — —

. . . שטיל איז שוין אביסעלע אין גאס, איך געה ווייטער אין מיין פינסטערער קאמער, שרייבען... מארגען, ארבייטען,

פונ׳ם הימעל קוקען זיך די שטערען מיט א הדורה־פּנים, ווי זיי וואלטען מיט מיר קאטאוועס געטריעבען, זיי לויפען מיר נאך פארטרייבען מיך אין מיין פינסטערען קאמער, דארט ווי פאר אזא גארנישט שטעהט אן — — — — — —.

New-York . דעצעמבער 1918.

# פרויען מאראל.....



אין דער פאלקסביבליאטעק, אין א טאג פון גרויסע היצען, אין אמעריקא, האָט זיך די מעשה פארלאפען.

א יונגערמאן האט זיך געבען מיר אַנידער געזעצט, און מחמת די גרויסע היצען האט ער זיך דאס רעקעל אויסגעטוען. ער האט געטראגען א העמד פון אַ געדיכטען געוועב, וואס האט דארגרייכט ביז צו די מאנשעטען.

עס איז נישט פארגאנגען א רגע, אז די ביבליאטעקערין א מיידעל פון א יאהר 20 — מיט א דינער זיידענער בלוזע דורך וועלכער מ'האט לייכט געקאנט דורכזעהען אייניציגע שטעלען פון איהר קערפער אינ'ם האלז טיעף דעקאלטירט, די הענט זיינען געווען אינגאנצען ענטבלעזט.....

— „איך וואלט אייך געבעטען דאס רעקעל אָנטון" — האט זיך די מיידעל געווענדעט צום יונגען מאַן.

— „יאָ! — האט דער יונגערמאן געענפערט — איך טו עס אָהן, כאטשע עס איז מיר נישט ניחא. נאר מעג פרעגען, פאר וואָס?"

— ס׳איז גענען מאראל..... — האט איהם די מיידעל געענפערט.....

דער יונגערמאן האט האלב „זי״ און האלב „זיך״ באטראכט אַזוי ווי א דין וואס מוזביידע צדדים באטראכטען, און אראָבלאָזענדיג דעם קאפּ אין ביכעל, האבען זיינע ליפּען אין א סאטירישען טאָן געמורמעלט.

„דאָס איז פרויען מאראל.....״

ניו־יארק, תמוז תרע״ב.



# פליאמעס.

אן אורטייל נאכ'ן איבערלייענען פון מיין „עפּיס":

איך: נו!?

דער צוהערער: אט אדא, ליגט דער הונט באגראבען.

זאָאָלאָגישע געניטשאפט.

— דו קענסט איהם? (מורמעלט א מיידעל צו איהרער אַ חבר'טע אויפ'ן טאבארשטראז).

— וועמען? אט דעם מיט די לאנגע צעווארפענע לאָקען! (אויף מיר וויזענדיג):

— אַ שאלה א ביסעל, איך זעה דאך איהם אַ יעדען טאג אין „אויגארטען..."

„ר' אלעזר בערנשטיין" — ווענדעט זיך צו מיר אן אונבע־קאנטער — „איך האב אדורכגעלייענט אייערע חבורים — און כ'קען זאגען אז איך קען אייך.

קורצע פויזע:

„אבער איהר מיך, כהיא זה ניט...!"

— איך מאך אייך אָן שאנד?
— ניין! די שאנד מאכט אייך!
—ביידע זענט איהר פון שאנד געמאכט.

---

„דבורה!" מורמעלט ביילע'ן א סוד וועלכען איך הער אונטער: „אך זיינע באוועגונגען — זיינע פיס" (שטילער): און — כאַ־כא־כא — דבורה (מיך דערזעהענדיג): „אך זענט איהר געמיין!"

---

„בערנשטיין!" — זאגט צו מיר דבורה: איך האב דיך היינט אזוי ליעב! אזוי ליעב! — — — און אין דער שטיל מורמעלט זי צו איהרער אַ חבר'טע: „ביסט א מבין ווי דער אבערלייטנאנט קאקע־טירט מיך?!....."

---

„איהר זענט טאקע גערעכט וועגען יודישען לשון, אבער איהר וועט דאך אליין איינזעהן, אז עס געשיקט זיך ניט יודיש צו ריידען, אז דער אבערלייטנאנט געהט אדורך!"

---

אין פראטער קאן מען אַסך געלד געפונען, אז מקוקט אלעס אָן; און מגעהט ניט ארייך.

---

אין שענברון פרעגט מיך מיין חבר, ס'איז וויט פון דאנען די גלאָריעטע צו באשטייגען?

ניט קיין סך — ענפער איך — ס'איז אַ ברייטעל מהלך —.



# אינהאלט:



# גרייזען:

| זייט: | שטעהט: | באדארף זיין: |
|---|---|---|
| 6 | אָפּ | אַראָפּ |
| 15 | דעם קאסטען | די קאסטען |
| 18 | ווי א שליסעל צום שליסעל | ווי א שליסעל צום שלעסיל |
| 50 | Unbedingt | Ungebeugt |

אַ חוץ דעם, האבען זיך אריינגעכאפּט אזעלכע גרייזען וועלכע זיינען שוין ניט מעגליך געווען אויסצובעסערען.



